Jüdische Volks-Zeitung  Rok 2


# יודישע
# פאלקס-צייטונג

Krakau, 1 Jänner 1903. | № 1. | קראקוי, ב׳ טבת תרס״ג.

די בעוואוסטע פאבריק פון פער-
שיעדענע פופען (לאלקעס) האט
אימער אויפ'ן לאגער א גרויסען
אויסוואהל פון פערשיעדענע
**פופען** פון פערשיעדענע גרויס,
**אויך ברושליאקעס פיר קינדער**
צו בילליגע פרייזען אין איינצעל אויך
122 אנגרא-פערקויף 5—4
М. З. ВАЙЛЬ. ВАРШАВА
Новолипки № 5, кв. 15.

---

Зеркальный фабрикантъ
ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,
Варшава, Слизская 22.
עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע
שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר
שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע
אונד קליינע פאבריקאציאן, די בעסטע
עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט
אנגעלעגענהייט. בילינגסטע פרייזען.
(104) 25—4

---

# ד"ר מ. קעניגשטיין
**ווארשא, גראניטשנא № 6**
בעהאנדעלט האלז-, אויערען- אונ נאזען-
קראנקהייטען ביז 10 אין דער פריה אונ
4—6 נאכמיטאג. אין דער היילאנשטאלט
דזיקא 26 פון 2 ביז 3. (96) 50—7

---

# מיטלען צום לעבען.
דיא אלע לעהרעס וועלכע איך לעהרען
מאכען: זייף (איינינגע סארטען), ברען-
עהל, שוה-וואכס, וואגען-שמיר,
לאקיער אונ נאך פערשיעדענע וויכטיגע
אייסארבייטונגען האב איך צוזאממען-
געשטעלט אין א בוך פיר פרייז 3 רובל
אלע ארטיקלען. איך אנטווארטע אויף
פראגעס אונד שיקע ראה-מאטעריאל
(75) לויט פערלאנג. (10—6)
И. М. МАТУЗОНЪ
Варшава, Милая ул. 17.

---

פאבריק פאן פייער-
פעסטען
**איי זערנע**
**קאססען**
עמפפעהלט איהרע
אויסארבייטונג נאך
דעם נייעסטען סיסטעם
קאנקורירט מיט דיא
פרייזען. אויך פער-
גרעסער איך די .N.N
געגען אנדערע פאב-
ריקאנטען.
פרייז-קוראנטען פראנקא.
Ш. ХАРИ, Варшава
(102) Новолипье 40. 10—6

---

# י. שעקמאן, ווארשא.
**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**
(128) עט פלאטעי-וואארען. 10—1
И. ШЕКМАНЪ Варшава. Налевки № 20.
מאגאזין נאלעווקי 20. פאבריק דזיקא 10.

---

| Подиска на 1903-й годъ | **БУДУЩНОСТЬ** Еженед. газета, съ ежегод. приложенiемъ Научно-Литературнаго Сборника | 4-ый годъ изданiе |
|---|---|---|

**„БУДУЩНОСТЪ“** — независимый органъ русскихъ евреевъ, стремящiйся къ культурному возрожденiю и подъему самосознанiя еврейской массы. **ЕЖЕНѢДѢЛЬНИКЪ** „Будущности“ выходитъ въ размѣрѣ $2^1/_2$—3 печ. листовъ большого формата и состоитъ изъ двухъ отдѣловъ: **Современной Лѣтописи**, въ которую входятъ подробный обзоръ текущихъ событiй еврейской жизни въ Россiи и заграницей, статьи по бытовымъ вопросамъ и юридич. отдѣлъ. и **Литературно-Научнаго Отдѣла**, содержащаго статьи по еврейской исторiи и литературѣ, беллетристическiя произведенiя, стихотворенiя, критику, журнальное обозрѣнiе и фельетонъ.

Въ **Ежегодн. Сборникѣ**, выходящемъ въ концѣ года, помѣщаются болѣе крупныя по размѣрамъ статьи научнаго и литературнаго содержанiя.

**Въ 1903 г. подпмсички „Будушности“ кромѣ обычнаго матерiала покучатъ:**

1) **безплатно**—При Научно-Литературномъ Сборникѣ—отдѣльный, первый въ литературѣ, самостоятельный трудъ (въ отдѣльной нумерацiей страницъ)

## ОЧЕРКЪ ИСТОРIИ ЕВРЕЕВЪ ВЪ РОССIИ.
Подъ редакцiей и съ примѣч. д-ра исторiи востока
**А. Я. Гаркави.**

2) За незначительную доплату на почтовые расходы (30 коп.)

## Книгу для еврейскаго юношества,
**Иллюстрированное литературное** изданiе, составл. при непосредственномъ участiи **С. Г. Фруга**, д-ра **Л. С. Каценельсона**, **М. Д. Рывкина** и художниковъ академика **М. Л. Маймона** и **М. С. Iоффе.**

**Подписная цѣна**: 7 руб. въ годъ (допускается разсрочка), 4 р.—$^1/_2$ г., 2 р.—3 мѣс. Новые подписчики могутъ получить Литер.-Научн. Сборники за 1900, 1901 и 1902 г. (до 70 печатн. листовъ) **безплатно**, приложивъ на почтов. и конторскiе расходы по 50 коп. за каждый томъ, и получаютъ газету со дня подписки.

**Адр. редакцiи и Главной Конторы: СПБ., Пушкинская 7.**

---

פאבריק פון טעדראדען, קאנטארסקע, נאטעס אונ פאפיראסען ביכלעך.
סקלאד פון פאפיראסען פאפיער אונ מאשינקעס צו גילזען.
**С. И. Киперманъ, Варшава, Налевки № 37.**
(111) מוסטערן זענדע גראטים. 10—6

---

# ספעציעללעס אנגרא לאגער
~ היזיגער, ~
רוססישער אינד אויסלענדישער
# זייפע, פערפומעריא
אינד
# קאסמעטיק
ספעציעלל פערקויף פון צייהן-בירשטען
# S. ZUCKERMANN
**Warszawa, Nalewki Nr. 16.**
(39) 16—9

---

**אנשטאלט** פון דאמען-פאלטאען, איבערציגע פון
פעלצען אונ קאסטיומען
**דוד באראַוסקי, ווארשא**
לעשנא Nr. 9 וואהנונג 4
(100) איך פערפערטיגע נאך די נייעסטע פאריזער פאסאנען. 4—4

---

# וויכטיגע בעקאנטמאכונג!!
פריש אנגעקומען:
רויטע קארדינעלע צו
7 רובל, שארע צו 5 ר'
כינעזישע סלאוויקעס 5 ר'
זאלאָפעגעל מיט פראכט
פעדערן 2 רובל א פאר.
א פאר קליינע פאפוגאען 4 ר' פאפוגאען
וואס לערנען זיך רעדען 6 ר', גילען
וואס זינגען ליעדליך פון 10 ר', אנגא-
רישע קעטיך פון 10 ר', עלעגאנטע
שטייגען פון 3 ר', קאנארקען מיט זינ-
גענדע 5 ר', סאמיצעס 1.50 ר'. פיש
גאלדענע, זילבערנע אונ אינלענדישע פון
5 קאפ', אקוואריומס פון 3 ר', גראטען
פון 1,25 ר', שאטקעס 25 ק', באדע-
הייזלעך 50 ק', אויך מושלען צום אויס-
צירען זאלע אונ אקוואריומס אין גרויסען
אויסוואהל עמפפעהלט דער זאָאלאגישע
מאגאזין **ערנעסט פעשעל**, ווארשא,
(124) 5—3 נאוואסעןאטארסקא 7.

---

# גאלוואנישע אנשטאלט.
יהושע טייטעלבוים דזיקא 18
נעהמט אן צו פערגילדען,
פערזילבערן, פערניקלען,
אקסידירען, אונ בראנזי-
רען פערשיעדענע מע-
טאל ארבייט. עס ווערד
אויך אנגענומען אלטע
זילבערנע אונ פערזיל-
בערטע כלים אויף צו
פרישען ווי גאנץ נייע.
**גאראנטיערט** פיר דויערהאפטיגייט
אונ צו גאנץ מעסיגע פרייזען.
**נייעס!** פערשיעדענע אויסלענדישע
פרעססונגען, ווי אויך דאמען-
גירטעל מיט אלער ארט שנאלען **גאנץ**
(99) **בילליג.** 20—4

---

עס ווערדען גע-
זוכט אגענטען אויף
זעהר גוטע בעדינ-
גונגען.
איללוסט. פרייז-
קוראנטען ווערדען
פערזענדעט אומזאנסט.
**Контора фабрика каучуковыхъ штемпелей и гравернаго заведенiя**
**Ш. Е. ФРИДМАНА**
Варшава, Бѣлянская 23.
10—7 (97)

---

# פריילינען אונ דאמען
קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען אונ
נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף
אין זשארגאן, רוסיש אונ דויטש. די
מעטאדע איז די בעסטע אונ די גרינגסטע.
אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך
גוט אויסלערנען, אויף תשובה א מארקע.
ניט זאמט אונ פרעגט אן ביי:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.
(25) 52—18

---

# נור מיט עטליכע רובל
קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט
אנגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ'ליכע
ערקלערונג **חנם לכל דורש.**
**Я Найдичъ, Варшава.**

---

# וויר מאכען אויפמערקזאם
אויף דען פריוואט **כירורגישען**
**שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** ווארשא
מוראנאווסקא 14. אלע אפעראציא-
נען ווערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר
בארעל. אנגענומען ווערדען חירור-
גישע קראנקע יעדען טאג פון 2-10
**פריוואט וואהנונג** דזיקא 3 פון
10—9 אונד 7—4.
(38) 26—15

יודישע

# פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט

פאר אלע יודישע אינטערעסען.

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.





אבאנאמענטס־פרייז:

עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהר־ליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:

Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פירטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 10 קאפ. 20 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העללער, 40 פפעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העללער, 80 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.


Krakau, 1 Januar 1903. | Nr. 1. | קראקוי, ב' טבת תרס"ג.


ברכה בת שמאי וואלים
שמעון ב"ר משה דוד לאזמאוויק
מארשים
כ"ז מרחשון תרס"ג 14 נאוועמבער
שדה־לבן. קיעוו.


## פריהער און היינט.

אין די פריהערע צייטען האבען די מייסטען העברעאישע און רוסיש־יודישע שריפטשטעלער „מבזה“ געווען דעם זשארגאן, זיי האבען אזוי פיעל געשריבען און געשריבען, ביז דער יוד, וואס פערשטעהט נאר יודיש, דאס הייסט „זשארגאן“, האט איהם — דעם זשארגאן — אנגעהויבען באמת פיינד צו האבען. זענען געקומען די היינטיגע שרייבער און האבען אנגעהויבען ערקלערען דעם עולם, אז עס איז פשוט א פערברעכען, איין אומגליק און א נארישקייט פון דער פאלקס־שפראכע חוזק צו מאכען.

פריהער האט א דאנק יענע יודישע שרייבער, וועלכע האבען זיך געשעמט צו שרייבען יודיש פאר יודען, — העד שמ"ר און קאמפאניע אנגעהויבען צו פאבריצירען זייערע בעקאנטע ראמאנען; היינט קומען די יונגע שרייבער און בעגנינגען זיך ניט מיט אפ'משפט'ן שמר'ן, זיי בעשאפען איין אייגענע, גוטע, שענע ליטעראטור, וועלכע וועט בכח זיין יענע שאנד־ליטעראטור צו פערווארפען און נייע, געזונדע לעזער צו שאפען.

פריהער האבען פיעל שרייבער געזוכט מיט אלע כחות צו פארברייטען בילדונג אין דער יודישער גאס, כדי דער יוד זאל קענען א גוי ווערען אדער ווי מען רופט עס: „זיך אסימילירען“; היינט ווילען אויך די שרייבער בילדונג פערברייטען, אבער גאר כדי דער יודישער־גוי זאל א יוד ווערען.

פריהער האט מען בעוויינט און מבזה געווען דעם שמוציגען חדר; היינט זוכט מען מיטעל, ווי אזוי די חדרים אויסצובעסערן.

פריהער האט מען פון „פרנסה־ארטיקלען“ ניט אנגעהויבען וויסען, ווייל די שרייבער האבען אליין דערפון ניט געוואוסט; היינט הויבט מען אן דעם יודען צוווייזען: פאר וואס עס איז איהם שלעכט, ווי אזוי מען קאן די מאטעריעלע לאגע פון יודישען פאלק אויס־בעסערן, און אזוי ווייטער.

פריהער האט מען פייערדיגע ארטיקלען געשריבען איבער „חיבת־ציון“, פערלאנגט — א ¼־רובל־שטיק פאר דער אדעסער חברה, דאס איז געווען גענוג. היינט זוכט מען דעם עולם צו בעווייזען, אז ניט אין שקל און ניט אין דער אקציע ליגט דער ציוניזם, נאר דער גאנצער יוד מוז א גאנץ אנדערער ווערען.

אז אט די אלע שנוים אין אונזער פאלקס־ליטעראטור האבען זיך ערשט אנגעהויבען, אז עס וועלען נאך יאהרען און יאהרען אוועק געהען, ביז מען וועט עפיס רעכטס זעהען — דאס ווייסט יעדער מענש, וואס האט בכח איבער עפיס נאכצודענקען. א פאלק ווערד ניט „ערצויגען“ אין איין טאג: א טויזענד־יעהריגער פאנאטיזם ווערד ניט מיט איין שמע־ישראל צעשטערט ובפרט נאך אז עס געפינען זיך עד היום טויזענדער מענשען, וועלכע ראנגלען זיך מיט אלע כחות פאר דעם פינסטערען פאנאטיזם.

עס פארשטעהט זיך, אז מען קוקט זיך גוט צו, וואס מען דארף נאך טהון, כדי עפיס בעסערס צו דערגרייכען אין יודישען לעבען, ווערד מען פשוט דערשראקען פאר דער גרויסער אויפגאבע; בעטראכטעט

מען אבער די פריהערע צייטען, די צייט, וואס איז ערשט ניט לאנג געוועזען פאר 20—30 יאהר אונ מען פערגלייכט זי מיט דער איצטיגער יודישער גאס, אזוי מוז מען מודה זיין, אז א שטיק ארבייט איז שוין אבגעטהון געווארען.

אונ אז די ליטעראטור האט פיעל מיטגעהאלפען צו הייבען דאס יודישע פאלק, וועט קיינער ניט לייקענען.

דאך בלייבט נאך א סך ארבייט פאר די יודישע בלעטער. מען דארף נישט פארגעסען, אז עס זענען עד היום דא זעהר וועניג לעזער פון דער יודישער ליטעראטור. פון איין זייט האבען מיר נאך נישט געוואונען פאר זיך די יודישע אינטעליגענץ. אונזערע אינטעליגענטע אונ האלב־אינטעליגענטע מענשען ווייסען כמעט נאך נישט, אז מיר האבען א יודישע ליטעראטור. פון לשון הקודש איז דאך גאר קיין רעד: זעהר פיעל אינטעליגענטע קענען ניט אמאל לייענען אונזער נאציאנאל־שפראך. אבער אפילו די פשוט'ע יודישע שפראך, זייער מאמע־לשון, זוכען זיי צו פארגעסען, אונ זיי שעמען זיך כמעט צו לייענען א זשארגאן־בלאט אדער א זשארגאן־צייטונג. פון דער אנדערער זייט האט זיך די גרויסע יודישע מאסע נישט אזוי ווייט ענטוויקעלט, אז זי זאל האבען א בעדערפניש צו לייענען א צייטונג, ווי מיר זעהען דאס ביי אלע געבילדעטע אייראפעאישע פעלקער. אונזערע צייטונגען מוזען דארום זיך בעמיהען איינמאל בעווייזען אונזער אינטעליגענץ, וואס פאר א גרויסער כח עס ליעגט נאך אין דער יודישער ליטעראטור אונ וויפיעל נוצען די דאזיגע ליטעראטור קאן ברענגען אויך אונזערע אינטעליגענטע לעזער. אונזערע צייטונגען מוזען אבער נאך מעהר סטארען זיך, צו בילדען דאס פאלק אונ פערברייטען אין דער יודישער מאסע דעם וואונש צו לייענען א צייטונג אונ א יודיש ביכל; אונ עס איז זיכער, אז וואס מעהר עס וועט וואקסען די צאהל פון יודישע לעזער, אזוי וועט אויך וואקסען די קראפט פון דער יודישער ליטעראטור

קורץ, מען מוז רעדען, רעדען אונ רעדען צום פאלק.

עס איז אבער איבערהויפט זעהר א גרויסער טעות, ווען מען מיינט, אז די שרייבער רעדען דירעקט צום פאלק. דאס פאלק, ווי מיר האבען שוין געזאגט לייענט לעת־עתה גאר נישט.

יעדע ליטעראטור אבער שאפט איהר לעזער־פובליקום, אונ אט די לעזער־פובליקע איז די פארמיטלערין צווישען די שרייבער אונ דעם גאנצען פאלק, דעם „המון", ווי מען זאגט דאס. אט די פובליקע, וואס לייענט, טראגט אריין אלערליי אידעען אין די מאסען פון פאלק. אונ אז מען זאגט געוועהנליך „א ווארט צום פאלק" זענען תמיד די לעזער געמיינט. יודען זענען פאראן אפשר 10—12 מיליאנען. איך ווייס ניט צי האבען מיר אין אייראפא 100 טויזענד זשארגאן־לעזער.

די לעזער פון יודישע בלעטער צעטהיילען זיך ווייטער אין 2 גרויסע גרופען: עס זענען פאראן בעשטענדיגע לעזער, דאס זענען אזעלכע, וועלכע קענען אהן א בוך, אהן א צייטונג ניט מעהר אויסקומען, אונ ניט־בעשטענדיגע לענער, דאס הייסט אזעלכע, וועלכע לעזען היינט יא, מארגען ניט, וועלכע זוכען געוועהנליך א „נייעסל" אדער א שיינע מעשה.

יודישע צייטונגען מוזען זיך בעמיהען מיט אלע זייערע קרעפטען, אז די צאהל פון די שטענדיגע לייענער זאל וואקסען, — דאס קענען

---

# פעליעטאן.

## יודישע גאזעטען אונ זשורנאלען.

א פאנטאזיע

פון

**שלום-עליכם.**

די פארשוינען:

לשון קודש — איין אלטע גרייזגרויע פרוי, א גרויסע מיוחסת; א שיין איידעל פנים מיט א שווארצען שלייער.

זשארגאן — א יונג ווייבל מיט זעהר א פשוט אויסזיכט, נראבע סקארבאווע הענט, נאר וואס פונ'ם קעכאויבען...

אחיאסף — א יונגערמאן, וואס זיצט אויף קעסט, האנדעלט אונ־טער מיט ספרים.

תושיה — אר ייכער יונגערמאנטשיק, א בעל הבית פאר זיך.

לוח-אחיאסף — א יונגערמאן א משכיל.

השלח — א שטילער מענש, געהט פאוואלי, א ווינציגער רעדנער.

המליץ — איין אלטער בעל הבית א יורד...

הצפירה — איין אויפגעקומענער נגיד...

הצופה | הזמן — צוויי יודען, מע ווייסט ניט ווער זיי זענען אונ פון וואנען.

פאלקסצייטונג | פריינד — צוויי פראסטע בעלי־מלאכות, פיינע יונגען מיט געזונ־דע פלייצעס.

וואסחאד | בודושטשנאסט — צוויי בחורים, וואס רעדען נישט א ווארט יודיש, נאר מע איז מבין כל דבור.

די נעשיכטע קומט פאר דעם 31 דעקאב. 1902.

לשון קודש. (האלט אראפגעלאזט דעם קאפ, זיפצט אונ קרעכצט אונ רעדט צו זיך אליין מיט א טרויעריגער שטימע) אוי, אז אך אונ וועה איז צו מיר, אויף וואס איך בין איבערקומען אונ צ וואס איך האב מיך דערלעבט!

זשארגאן. (געהט צו צו איהר, מיט מיטלייד) וואס איז אייך, מוהמעניו, וואס טהוט אייך וועה?

לשון קודש. (קוקט נישט אויף איהר) וואס טהוט מיר וועה? דאס הארץ טהוט מיר וועה...

זשארגאן. דאס הארץ? זיך צוגעקיהלט מסתמא? קאן איך אייך געבען א מיטעל...

לשון קודש. (הויבט אויף דעם קאפ) דו? דו וועסט מיר געבען א מיטעל? ניין, מיין קינד, דו קאנסט מיר נישט געבען קיין שום מיטעל, דו פארשטעהסט מיך ניט! דו קאנסט מיך ניט פארשטעהן!... וועה איז מיר, וואונד איז מיר, א קלאג צו מיינע אלטע יאה־רען! (ברעכט די הענד אונ קרעכצט).

אחיאסף. (לויפט צו כלומר'שט מיט גרויס רחמנות) גאט איז מיט אייך, באבעניו, אויף וועמען קלאגט איהר דאס אזוי?

לשון קודש. אויף מיינע קינדער, וואס האבען מיך פערלאזט אונ פארגעסען, פארביטען מיך אויף אנדערע... וואו זענען זיי ערגיץ אלע מיינע ליעבע אונ געטרייע, וואס האבען מיט מיר כורת ברית געווען אויף אייביג? וואו זענען זיי מיינע טייערע קינדער; ישעיה, ירמיה, יהודה הלוי, מאפו, לעבענזאהן, גארדאן אונ די אלע איבריגע? אוועק, אוועק!... געשטארבען, געשטארבען!... געשטארבען, באבעניו? מיר וועלען אלע שטארבען. איינער

אחיאסף. שטארבט, דער אנדערער ווערד געבארען אונ וועלט בלייבט א וועלט.

זיי נאר דענסטמאל דערגרייכען, ווען זיי וועלען זיין געגרינדעט אויף בעשטימטע פרינציפען און שטענדיג האבען אין אכט — דאס נוצען פון דעם גאנצען יודישען פאלק.

און דאס זוכען היינט — די יודישע צייטונגען.

ו. בן־אדם.

---

# די יודישע חברות און פארטייעס אין עסטרייך.

אין עסטרייך זענען פאראן צווייערליי יודישע חברות: הומאניטארנע, ד. ה. צדקה־חברות און פאליטישע חברות און פארטייעס. הומאניטארנע הייסען אזוינע חברות, וואס בעשעפטיגען זיך נאר מיט וואהלטהעטיגקייט, צדקה. למשל, יודען ווערען געראדפ'ט, זיי מוזען פערלאזען זייער היים און אוועק לאזען זיך ערגיץ ווייט, ווייט זוכען איין עיר־מקלט — דארף מען זעהען געבען הוצאות; יודען האבען אין דער היים ניט פון וואס צו לעבען, מחמת זיי האבען ניט בייא וואס צו פערדיענען — דארף מען זיי געבען א מעגליכקייט צו פערדיענען; יודישע קינדער האבען ניט וואו צו לערנען, מחמת מע נעמט זיי ניט אריין אין די שולען און גימנאזיעס — מאכט מען זיי אייגענע שולען,— דאס אלעס הייסט וואהלטהעטיגקייטס אדער צדקה חברות. ווייטער איז פאראן פאליטישע חברות, וואס זייער צוועק איז זיך אנצונעהמען פאר די פאליטישע און בירגערליכע רעכטע (פראוועס) פון די יודען. עס פארשטעהט זיך פון זיך, אז אין לעבען קומט אפט פאר, אז די חברה קאן ניט בלייבען ניט א ריין הומאניטארנע, ניט א ריין פאליטישע. די צדקה־חברות מוזען אמאל בעל כרחו זיך אננעהמען פאר די פאליטישע, צי פאר די בירגערליכע פראוועס פון די יודען, און די פאליטישע חברות קענען זיך ניט אויסדרעהען אהן קיין צדקה, ווי מיר וועלען דאס שפעטער זעהען.

פון די הומאניטארנע חברות איז אין עסטרייך די גרעסטע — „די וויענער איזראעליטישע אליאנץ“ (Israelitische Allianz zu Wien); די חברה איז געגרינדעט געווארען נאך דעם מוסטער פון דער פאריזער „אליאנס איזראעליט אוניווערזעל“ (Alliance Israelite Universelle). שוין אין די 40-ער און אין די 60-ער יאהרען פון'ם פאריגען יאהרהונדערט האבען אונזערע ברידער אין מזרח געהאט צרות מיט רדיפות זיי האבען שוין דענסטמאל געליטען פון'ם בלבול עלילת־דם (דאס בלבול אין דמשק אין סיריע אין די 40 יאהרען), שוין דענסטמאל האט מען גע'גנב'ט יודישע קינדער פאר די קאטאלישע קלויסטער (מאנאסטירען) וועגען (דער פאל מארטארא אין איטאליע אין די 60-ער יאהרען). די ענגלישע און פראנצויזישע גדולי ישראל, ווי משה מאנטעפיארע, קרעמיע און נאך אנדערע, האבען זיך אנגענומען פאר די מזרח־יודען האבען זיך פאר זיי געסטארעט ביים סולטאן, ביים כעדיוו פון מצרים,— און דערנאך האבען די פראנצויזישע יודען בעשלאסען צו גרינדען א וועלט־חברה וואס זאל זיך שטענדיג אננעמען פאר די אינטערעסען פון די מזרח־יודען: ערשטענס זיי צו אונטערשטיצען ווען עס ברעכט ערגיץ אוס א שטארקע רדיפה, און צווייטענס — צו פערברייטען די בילדונג צווישען די אונגעבילדעטע יודישע מאסען אין מזרח. די פראנצויזישע יודען האבען שטארק געגלויבט, אז די מזרח־יודען דארפען נאר ווערען געבילדעט, אויפגעקלערט, און זיך וועלען אויסמישען מיט אנדערע פעלקער, די פראנצויזען, ענגלענדער, דייטשען א. ד. ג. וועט

---

**המליץ.** מי יחיה ומי ימות...

**הצפירה.** מי בקצו ומי לא בקצו...

**הצופה.** דור הולך ודור בא...

**הזמן.** והארץ לעולם עומדת...

**זשארגאז.** וואס זאגען זיי עפים?

**פאלקסצ. | פריינד.** סע שיט זיך בייא זיי פסוקים ווי פון א זאק!

**וואסחאד. | בודושטש.** קאק איז ראנא איזאבילא...

**לשון קודש.** קינדערלעך, די וועלט בלייבט טאקי אוועלט, נאר איך גיה אונטער; וואס א טאג, וואס א טאג פאל איך אלץ נידריגער און נידריגער. מע האט מיך פארגעסען, פארביטען אויף אנדערע; מע דיענט היינט נייע עבודה זרות...

**אחיאסף.** איך, באבעניו, ניט! נאט איז יודע דעם אמת, ווי איך דיען אייך געטריי. איך ציה פון זיך די קליי. איך בין זיך מפקיר פון אייערט וועגען! וואס מיך האט אפגעקאסט דער „הדור“ פאראיאהרען זאלען מיר דאס אלע דא פארמאגען... אט פרעגט דעם לוח, פרעגט דעם השלח... רב לוח! השלח! וואס שווייגט איהר?

**לוח.** אמת, אמת, ווי מיר זענען יודען!

**השלח.** (שווייגט, קוים וואס ער שאקעלט צו מיט'ן קאפ) ע—מהי...

**אחיאסף.** איך בין ניט גלייך צו אנדערע (קוקט אויף „תושיה“), אנדערע בענוצען זיך מיט אייער היילינגען נאמען, באבעניו, רעכענען זיך פאר אייערע געטרייע אייניקלעך און געבען ארוים ביכלעך אויף עברי טייטש, פערפלייצען די וועלט מיט בלעטער, מיט פאלקסצייטונג, מיט „פרויענוועלטען“ מיט „פרעמיעס“...

**תושיה.** (געהט צו) דאס מיינט מען מיך? פארשטאכענע אויגען! און וואו איז דער „יוד“ מיט דער „יודישע פאמיליע“ מיט דעם „קליינעם יודעלע“ מיט... מיט אלע איבריגע יודישע ביכלעך וואס רב אחיאסף האט ארויסגעגעבען?

**אחיאסף.** דאס איז אלץ געוועזען אמאל. אוים „יוד“, אוים „יודישע פאמיליע“, — אוים „קליין יודעלע“! — מגולגל געווארען און... געשטארבען.

**המליץ.** נפטר געווארען?

**הצפירה.** ברוך דיין אמת!

**הצופה.** כן יאבדו!

**הזמן.** כל אויבי עמך ישראל!

**זשארגאן.** וואס זאגען זיי?

**פאלקסצ. | פריינד.** דאס קוועלט מען אן וואס א „יוד“ איז געשטארבען...

**וואסחאד. | בודושטש.** וו'טושושאס פירו פאחמעליע...

**זשארגאן.** א גרולה אויף דער באבע! איך האב געמיינט אז א „יוד“ שטארבט אפ בעדארפען יודען וויינען...

**אחיאסף.** געפעלט אייך די „דיענסטמויד“, זי איז דאך נאר א גאנצער פילאזאף!

**תושיה.** ווי לאנג האט איהר אליין געחנפה'ט די דאזיגע דיענסטמויד, געוועזען מיט איהר קוצעניו־מוצעניו. טויזענד קאמפלימענטען?

שוין אלעס גוט ווערען: מע וועט זיך מיט זיי דערפרעהען, שליעסען ברודערשאפט און זיי געבען אלע רעכטע. צו דעם צוועק און מיט דעם געדאנק איז אין די 60-ער יאהרען די פאריזער "אליאנס איזראעליט איניווערזעל" געגרינדעט געווארען, און אים יאהר 1873 האט זיך נאך דעם מוסטער די וויענער "אליאנץ איזראעליט" געגרינדעט, וועלכע האט שוין איצט פיעל אבטהיילונגען אין גאנץ עסטרייך.

לויט איהר אסטאוו (שטאטוטען) בעצוועקט די "אליאנץ":

1) די פאלקס־ערציעהונג ביי די יודען. צוליעב דעם גרינדעט און אונטערשטיצט די חברה יודישע שולען, און געברויכט אויך אנדערע מיטעל, וואס קענען דערצו דיענען.

2) די חברה אונטערשטיצט יודען דארט ווי זיי ליידען אלס יודען.

3) דער פעראיין גיט ארויס פרעמיעס פאר יודישע ליטעראַרישע און וויסענשאפטליכע ארבייטען.

מע קאן ניט זאגען. פיעל פון דעם וואס זי האט צוגעזאגט, האט די אליאנץ טאקי באמת געטהון. למשל, אז עס האט זיך געהאט אנגעהויבען ביי די רוסישע און רומענישע יודען א שטארקע עמיגראציע קיין אמעריקא און אין אנדערע לענדער, האט די וויענער אליאנץ באמת מיט הונדערטער טויזענדער רובל געשטיצט די עמיגראנטען. אז אין בולגאריע האבען זיך געהאט צונויפגעצוגען שווארצע וואלקען איבער די יודען, אז עס האט שוין דארט געשמעקט אין דער לופט מיט יודישע פאגראמען (עקסצעסע) האט די וויענער אליאנץ אויך געטהון וואס עס איז געווען אין איהרע כחות. די לעצטע צוויי דריי יאהר, צייט עס האבען זיך אנגעהויבען די רדיפות אין רומעניע, האט זי, ווי אזוי ניט־גיט, ווי אזוי מען איז מיט איהר ניט צופריעדען, אויך אויסגעגעבען הונדערטער טויזענדער רייניש אויף אונטערשטיצונגען פאר רומענישע עמיגראנטען. שולען אונטערשטיצט די וויענער אליאנץ אויך ניט ווענינ אין בולגאריע, סערביע, רומעניע און טאקי אין עסטרייך אליין. זי העלפט אויך איינציגע סטודענטען און סטודענטען־פעראיינע; אמאל האט זי גאר א סך געהאלפען. אויך ליטעראַרישע און וויסענשאפטליכע ארבייטען פון יודען בעלוינט זי אמאל. דאס אלעס קאן מען ביי דער אליאנץ ניט אבלייגנען. זי וואלט מעהר געטהון ווען זי זאל האבען מעהר מיטעל.

גאר אבער נאך דעם אלעמען איז אין דער גאנצער נהוגה פון דער אליאנץ פאראן אזעלכע סיבות וואס דורך זיי זענען די עסטרייכישע יודען, בעזונדערס אבער די עסטרייכישע ציוניסטען מיט דער אליאנץ אונצופריעדען, און האבען רעכט, — און טאקי די סיבות זענען אויך שולדיג אין דעם וואס די אליאנץ איז ניט אים שטאנד צו געווינען די סימפאטיען פונ'ם יודישען פאלק און האט דערפאר ווענינ טשלענים (מיטגליעדער), חאטשי יעדער טשלען צאהלט נאר 3 רייניש א יאהר, און ווייל זי האט ווענינ טשלענים האט זי אויך ווענינ מיטעל.

(פארטזעצונג קומט.)

יעקב שאר.

---

# פאריטישע ענינים.

(די לאגע אין ווענעצועלא. פרעזידענט קאסטרא איין אומזוסטע שמחה. רוסלאנד וועגען מאקעדאניען).

פאריגע וואך האבען די דייטשע און ענגלישע רעגירונג אריינגעשיקט דורך זייערע געזאנדטע, צום ווענעצועלאנישען מיניסטער

---

און וואס איז דאס פאר א נאמען "דיענסטמויד"?

**אחיאסף.** וואס איז די מעשה וואס איהר נעמט זיך אן די קריוודע פון דער דיענסטמויד? זי קאן דען אליין ניט בעשטעהן איהר שטעדטל?

**זשארגאן.** וועמען מיינט מען דאס די "דיענסטמויד"?

**המליץ / הצפירה** (צעלאכען זיך) חא—חא—חא!

**הצופה / הזמן** (העלפען לאכען) חי—חי—חי!

**זשארגאן.** געפעלט אייך אביסל א געלענדער? א נעלעכטער זאל זיי אויסוואכסען אויפ'ן פופיק!

**המליץ / הצפירה** (לאכען נאך שטארקער) חא—חא- חא—חא!

**הצופה / הזמן** (העלפען לאכען) חי—חי—חי—חי!

**זשארגאן.** וואס לאכען זיי?

**פאלקסצ. / פריינד** זיי קוועלען אן פון דיין שפראך.

**אחיאסף.** א בלומענשפראך פונ'ם פישמארק.

**תושיה.** ווי לאנג האט איהר אליין עקספלאאטירט די דאזיגע שפראך פונ'ם פישמארק?

**אחיאסף.** מיר האבען אויפגעהערט און איהר האט אנגעהויבען. מיר האבען זיך מיט דער דאזיגער דינסטמויד אפגעזגט און איהר האט זי גענומען. מיר ווינשען אייך גליק און אריכת ימים. גאט זאל אייך העלפען איהר זאלט זיך מיט איהר עלטערען אין עושר און אין כבוד...

**תושיה.** א דאנק!

**אחיאסף.** נישטא פאר וואס!

**המליץ / הצפירה** די דאזיגע צוויי זענען זיך די בעסטע גוטע פריינד; וואס זיי ווינשען זיך איינס דאס אנדערע מעג עס פאלען אין ים אריין.

**זשארגאן.** וועלען אויספגר'ען אלע פיש.

**לשון קודש.** גענוג אייך שוין, קינדערלעך, זיך איבערווארפען מיט שטעכווערטלעך. זאגט בעסער ווער זענט איהר, איך זעה שוין ניט אקוראט אין דער פינסטער...

**המליץ.** איך בין באבעניו, דער עלטעסטער פון אייערע געטרייע איינקלעך, שוין העבער דרייסיג יאהר, אז איך געה מיר מיין וועג, דיען אייך געטריי, האלט מלחמה מיט זשארגאן...

**לשון קודש.** און וואס איז דאס פאר "בלעטלעך" וואס שלעפען זיך דיר נאך פון אונטען?

**המליץ.** דאס איז גלאט אזוי, מיינע איינענע "בלעטער פון א טאג־בוך", וואס איך אליין פול זיי אן פון אויבען ביז אראפ, איך אליין זעץ זיי אויס, איך אליין דרוק זיי אפ...

**זשארגאן.** און טאקי ער אליין מחילה לייענט זיי...

**אחיאסף.** טאמער וואלט מען געבעטען די דינסטמויד, אז בשעת מע רעדט מיט "לשון קודש" זאל זי שטימען?

**לשון קודש.** (צו "הצפירה") און ווער ביזט דו?

דעם אייסערען איין אולטימאטום, דאס הייסט די לעצטע התראה, אין וועלכען זיי פאדערען, אז אין א משך פון 24 שעה זאל מען זיי געבען א קלארע תשובה אויף זייערע תביעות, וואס זיי האבען צו די ווענעצועלאנישע רעגירונג און אויב נישט וועלען זיי ארויסנעמען זייערע געזאנדעטע פון קאראקאס, די הויפטשטאדט פון ווענעצועלא און וועלען שיקען זייער פלאטע, וואס שטעהט אין לא גוערא, אויף מלחמה.

ענגלאנד און דייטשלאנד האבען אסך, אסך תביעות צו די ווענעצועלאנישע רעגירונג. זייט די מרידות, וואס האבען זיך אנגעהויבען אין יאהר 1898 און דויערען נאך ביז היינט, האבען פיעל דייטשע און ענגלישע אונטערטהאנען, וועלכע וואהנען אין ווענעצועלא געהאט גרויסע הזיקות. די מורדים זענען בעפאלען אויף די דייטשע און ענגלישע איינוואהנער און האבען זיי בעראבעוועט און געפלינדערט. דייטשלאנד אליין מאכט א חשבון, אז אין די עטליכע יאהר, האבען איהרע אונטערטהאנען געהאט הזיקות אויף 5 מיליאנען מארק. א חוץ דעם האט דער פאריגער פרעזידענט פון ווענעצועלא אבגעמאכט מיט אייניגע באנקהייזער אין דייטשלאנד און ענגלאנד צו בויען מעהרערע אייזענבאהן־ליניעס אין לאנד און האט ביי זיי געמאכט גרויסע הלואות און זייט אפאר יאהר צאהלט נישט דער נייער פרעזידענט טשיפריאנא קאסטרא נישט דעם קרן נישט די פראצענט. אייניגע מאל האבען איהם די דייטשע און ענגלישע רעגירונג מתרה געווען ער זאל זיך נישט האלטען פאר גרינג; ער האט זיך אבער גאר נישט וויסענדיג געמאכט, ער האט נאך געהאט א העזה זיי צו ענטפערען מיט א זוינע הארבע ווערטער פון וועלכע ביידע רעגירונגען האבען זיך געפונען שטארק בעליידיגט. יעצט האבען שוין דייטשלאנד און ענגלאנד נישט געקאנט לענגער אריבער טראגען די חוצפה פון אזא קליינע מלוכה און האבען איהר געשיקט די לעצטע התראה און אז נאך 24 שעה האט די ווענעצועלאנישע רעגירונג קיין שום תשובה נישט געענפערט, זענען די ביידע געזאנדעטע ארויס פון דער הויפטשטאדט און די מלחמה האט זיך אנגעהויבען. די ערשטע צייט האט זיך פרעזידענט קאסטרא געהאלטען תקיף און אז עס איז אנגעקומען די ידיעה, אז דעם 9 טען דעצעמבער האבען די ענגלישע און דייטשע פלאטע צוגענומען 4 ווענעצועלאנישע קריגסשיפען מיט 390 מאן חיל, וואס זענען געווען אויף די שיפען, האט ער געלאזט ארעסטירען 27 דייטשע אונטערטהאנען און מען האט אין מיטען גאס פערברענט ענגלישע און דייטשע פאהנען. ערשט דען 14 דעצעמבער, אז עס איז אנגעקומען א ידיעה, אז די ענגלענדער און דייטשען שיעסען מיט הארמאטען אויף פוערטא קאבעלא האט ער געשיקט א טעלעגראמע אז מען זאל זיך אונטערגעבען און האט אנגעהויבען בעטען א משפט שלום. פרעזידענט קאסטרא איז נאך די גרויסע מפלות, וואס זיין חיל האט געהאט און נאך די רעדע פון דעם אמעריקאנישען פרעזידענט רוזעוועלט, וועלכער האט בפירוש געזאגט, אז ער וועט זיך אין דער מלחמה נישט מישען, געווארען ביי זיך אראבגעפאלען און האט אנגעהויבען נאכגעבען די פאדערונגען, וואס מען פאדערט פון איהם, ער האט צוגעזאגט צו צאהלען די חובות, חאטש נישט ער, נאר דער פאריגער פרעזידענט האט זיי געבארגט, באלד ווי עס וועט נאר ווערען שלום. ענגלאנד און דייטשלאנד ווילען אבער דערוייל דערפון נישט וויסען. באלפור דער ענג־

---

**הצפירה.** איך בין א ווארשעווער חברה'מאן, דאס הייסט איין אייראפעער, א וועלטליכער מענש, נישט קיין בטלן, נישט קיין מלמד. איך באזיץ אכט שפראך...

**זשארגאן.** ער רעדט הייסט עס פון פייער און פון וואסער און פונ'ם שלאף און אויפ'ן ווינק און האלבע ווערטער און צו דער וואנט און אונטער דער נאז און אויפ'ן רבי'ן...

**אחיאסף.** א מויל! פעך און שוועבעל!

**לשון קודש.** (בעווייזט אויף „הצופה" און „הזמן") און ווער זענען יענע צוויי יונגעלייט? עפים נישט קענטליכע. די משמעות נישט קיין היגע?

**הצופה.** איהר ווילט וויסען, באבעניו, ווער איך בין? טהוט א קוק אויף „הצפירה"; דאס בין איך ער מיט די ביינער; יענער געהט ארויס אלע טאג, איך געה ארויס אלע טאג; יענער הויבט זיך אן מיט א ה' און מיט א צדיק, איך הויב זיך אן מיט א ה' און מיט א צדיק...

**הזמן.** און איך געה ארויס לעת־עתה נאר צוויי מאל אין דער וואך...

**זשארגאן.** און איז צופריעדען...

**לשון קודש.** (בעווייזט אויף פאלקסצייטונג און פריינד) און יענע צוויי?

**פריינד.** פראכטע יודען, בעלי־מלאכות, לעבען פון איינגע הארעוואניע, און רעדען פראסט יודיש. איך בין דער ערשטער צווישען יודען, וואס מע האט מיר ערלויבט איך זאל ארויסגעהן אלע טאג אין פעטערסבורג...

**פאלקסצ.** און איך געה נאך לעת־עתה ניט ארויס אלע טאג, בסך הכל איין מאל אין וואך, נאר דערפאר קאסט איך אין גאנצען פיער קארבונעס א יאהר און שענק א פרעמיע אלע ווערק פון שלום־עליכם אין 4 בענדער פאר איין קערבל. דאס הייסט, צוזאמען מיט אלע ווערק פון שלום־עליכם קאסט איך פינף קארבען...

**אחיאסף.** איהר האט געהערט די מעשה מיט'ן אכס? אמאל איז געווען א יוד איין אכסענהענדלער, האט זיך געטראפען, ער איז פלוצים פארשלאפט געווארען, האט ער מנדר געווען איין אכס אויף ארעמע לייט. אז גאט האט געהאלפען ער איז געזונד געווארען, האט ער זיך בעטראכט, אז אוועקגעבען איין אכס איז איין עבירה, ער קאסט א פיפציגער. וואס טהוט מען? איז ער נעפאלען אויף איין עצה: ער האט ארויסגעפיהרט אויפ'ן מארק איין אכס מיט א האהן און האט אוועקגעשטעלט א מקח: פיפציג קארבען פאר'ן האהן און פאר'ן אכס נישט מעהר ווי פיפציג קאפיקעס, נאר בתנאי, אז דעם אכס אהן דעם האהן פארקויפט ער ניט...

**זשארגאן.** א משל לעמעשקע.

**אחיאסף.** די דינסטמויד לאזט נאר א ווארט ניט אויסרעדען! איין עזות אביסל!

לישער פרעמיע מיניסטער האט געזאגט, אז ווען די פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא וואלטען פארגעלייגט דעם פראיעקט פון א משפט שלום, וואלטען זיי עס א ודאי אנגענומען, אבער אז קאסטרא האט עס פארגעלעגט ווילען זיי דערפען נישט וויסען, פרעזידענט קאסטרא איז ביי זיי נישט אזא בטוח, מען זאל איהם קענען טרויען אויף זיין הן צדק.

ווענעצועלא איז א רעפובליקאנישע מדינה אין דרום אמעריקא אונ האט ווי אלע אמעריקאנישע שטאטען א פרעזידענט אונ פיהרט זיך ווי אלע רופעבליקען. דער היינטיגער פרעזידענט קאסטרא איז אלט א יאהר 40, ער איז צו זיין ממשלה געקומען דורך בלוט אונ פייער, איבער טויזענדער מענשען איז ער געטרעטען ביז ער איז צו זיין היינטיגע גרויסע מדרגה געקומען. אין די יונגע יאהרען, דערצעהלט מען, איז ער געווען א פראסטער אייזעל טרייבער, ער האט זיך גער פרייט אז ער האט בעקומען צו טראגען א זעקעל קאפע אונ חאפען דערפאר א פאר גולדען ער האט אבער געוואוסט, אז ער איז צו עפעס גרעסערס בעשאפען, פון תמיד אן האט ער געהאט גרויס חשק צו הערשען אונ האט דערי‍בער זעהר אפט געמאכט בונטעס. ער איז מיט דער צייט געווארען דער אנפיהרער פון א גאנצע מחנה בונ־טאווישציקעס, ער האט זיך פארגענומען צו ווערען דער הערשער איבער א גאנץ לאנד אונ ער האט עס אויסגעפיהרט. זיין הצלחה אין זיינע מלחמות איז זעהר גרויס געוועזען אונ האט מנצח געווען אומעטום. דער לעצטער אונ גרעסטער נצחון זיינער איז געוועזען ביי קאראקאס, דער דאמאלסדיגער פרעזידענט אנדראדע איז אנטלאפען אונ ער האט איבערגענומען די מלוכה איבער ווענעצועלא. קאסטרא איז פאר זיין גבורה זעהר בעליעבט ביי זיינע סאלדאטען אונ זיי זענען גרייט צו געהן פאר איהם אין פייער אונ וואסער. זיין בטחון אויף זיין איינענעם מוטה אונ דאס טריישאפט פון זיינע סאלדאטען האט איהם געגעבען די העזה זיך צו שטעלען נעגען אזוינע צוויי שטארקע מלוכות ווי ענגלאנד אונ דייטשלאנד. נון זעהט ער אבער איין, אז ער האט צופיעל פון זיך געהאלטען אונ בעט שוין שלום.

שלום וויל אבער ענגלאנד נישט שליסען גיט מיט ווענעצועלא נישט מיט דעם מולאה פון סאמאלי־לאנד, הגם זי האט דערגאנגען אז די שמחה וואס די בלעטער האבען געמאלדען, אז בשעת דער מולאה איז געווען פערדבק'עט אין זיינע תפלות, האט מען איהם מיט א קאנאל דערשטאכען, איז איין אומזוסטיגע, אז דער מולאה לעבט אונ נעמט צו זאמען א פריש חיל צו פיהרען מלחמה מיט ענגלאנד. ענגלאנד זעהט איצט, אז דער מזל איהרער איז גרויס אונ רעכענט, אז ער וועט איהר בעגלייטען אויף אלע מלחמות.

נישט גרויס אבער איז ענגלאנדס מזל אין טערקיי, דארטען קאן זי נישט זאגען אזא ברייטע דעה ווי זי איז געוואהנט, דארטען מוז זי אבטרעטען דאס ארט פאר א שטארקערע מלוכה פאר איהר, דארטען גילט דאס ווארט וואס רוסלאנד זאגט אונ נאך איהרע רייד ריכט מען זיך. רוסלאנד האט נישט לאנג אריינגעשיקט די טערקישע רעגירונג דורך איהר געזאנדטען זינאיעוו, אז זי זאל, וואס צום גיכסטען איינ־פיהרען נייע תקנות אין מאקעדאניע, כדי די קריסטליכע איינוואהנער זאלען נישט האבען אויף וואס זיך צו בעקלאגען אונ זי זאל זעהען איינצושטילען די אונרוהען אין לאנד.

י. ש.

| | |
|---|---|
| המליץ. | שבעה דברים בגולם. |
| הצפירה. | חוצפא כלפי שמיא מהני. |
| הצופה. | ענה כסיל כאולתו. |
| הזמן. | אל תען כסיל באולתו. |
| זשארגאן. | וואס זאגען זיי ? |
| פאלקסצ. פריינד | מע שפרעכט דיר אפ א גוט אויג, מע חזר'ט פסוקים... |
| זשארגאן. | מע לופטערט הייסט דאס די שפראך ? |
| וואסחאד. בודושטש. | ווענטילירוויוט אימושטשעסטווא... |
| אחיאסף. | די צוויי בחורים האלטען פון זשארגאן איין עולם ומלואו ; וואס זשארגאן זאגט ועצען זיי באלד איבער אויף זייער לשון. |
| לשון קודש. | (הילט זיך איין אין שווארצען שלייער, לאזט זיך געהן מיט א זיפ'ץ) זייט געזונד, קינדערלעך, קריעגט אייך ניט, לעבט אין פריעדען, אונ פארגעסט נישט אייער אלטע אלטע באבע... (אחיאסף, תושיה, לוח, השלח, המליץ, הצפירה, הצופה, הזמן לאזען זיך זי באנלייטען, זשארגאן וויל אויך נאכגעהן, לאזט מען נישט (אוועק, דינסטמויד !) וואסחאד אונ בודושטשנאסט גריסען איהר פון דערווייטען). |



# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— די דאקטוירים־געזעלשאפט, וואס האט זיך געבילדעט אין רוסלאנד צום זכרון פון דעם בעריהמטען רוסישען דאקטאר פיראגאוו, האט בעשלאסען זיך צו ווענדען מיט א בקשה צום יוסטיץ־מיניסטער, מען זאל מבטל זיין די לייב־שטראף, וואס איז איינגעפיהרט אין די דערפער אין רוסלאנד.

— נישט לאנג איז אין פעטערסבורג געווען איין אספה ביי די ארבייטער מיט די ערלויבניש פון דער רעגירונג. דער צוועק פון דער אספה איז געווען זיך צו האלטען איין עצה וועגען פערשיעדענע פראגען אין דער ארבייטער־לאגע. די דאזיגע אספה איז די ערשטע עפענט־ליכע ארבייטער־אספה אין רוסלאנד.

-- אין מיניסטעריום פאר וועגען אונ באהנען ארבייט מען אויס א פלאן, מען זאל לאזען בילינגער דעם מקח פון די באהן־בילעטען פאר די וואס פאהרען בעגלייטען קראנקע.

— נישט לאנג האט רוסלאנד געפייערט דאס צווייהונדערט־יעהריגע יובילעאום זייט די שטאדט פעטערסבורג איז געגרינדעט געווארען. צום זכרון אן דעם דאזיגען יובילעאום האט די שטאדט־פערוואלטונג אין פעטערסבורג בעשלאסען צו געבען פון דער שטעדטישער קאסע 20,000,000 רובל צו בויען א גרויסען שפיטאל, אין וועלכען עס וועלען זיין 1000 בעטלעך ; 6,000,000 רובל צו בויען 20 שולען אונ 2,000 רובל א פרעמיע פאר דעם וואס וועט פערפאסען א קאמפאזיציע לכבוד דעם יובילעאום.

— דער רוסישער פינאנץ־מיניסטער האט ערלויבט צו עפענען אין טאמאשאוו (פיעטראקאווער גוב.) א האנדעלס־שולע פון 7 קלאסען אויף די קאסטען פון די שטעדטישע קויפלייט.

— איינִיגע אדעסער בוכהענדלער האבען זיך געווענדעט מיט א בקשה צו דער רוסישער רעגירונג, מען זאל זיי ערלויבען צו פערקויפען אין די רעגירונגס-וויינהאנדלונגען די ביכער, וועלכע זענען ערלויבט צו האלטען אין די פאלקס-ביבליאטהעקען.

— היינטיגעם יאהר זענען אין פינלאנד די תבואות זעהר נישט געראטען און עס איז דארט א גרויס יקרות. כדי צו העלפען די ארימע נויטבעדערפטיגע פינלענדער, וועט מען אין קורצען מאכען אין פעטערסבורג א לאטעריע אויף א גרויסע סומע; דער קלענסטער געווינס וועט זיין פון 5,000 און דער גרעסטער פון 600,000 פינישע מארקען.

— די רוסישע רעגירונג האט מסכים געווען צו דעם פראיעקט, וואס מען האט איהר פארגעטראגען, אז אלע וועלכע פערקויפען זייער ארבייט, דאס הייסט די וועלכע דיענען און ארבייטען ביי אנדערע, זאלען זיך פערזיכערען דאס לעבען.

— איינִיגע דירעקטארען פון אדעסער לעהרן-שולען האבען זיך געווענדעט מיט א בקשה צו דעם קוראטאר פון דער אדעסער לעהר-קאמיסיאן, ער זאל ערלויבען צו בעפרייען פון לערנען די תלמידים, וואס וואהנען הינטער דער שטאדט אין די טעג ווען עס איז גרויסע פרעסט, מחמת עס האבען שוין פאסירט א סך אונגליקען. דער קוראטאר האט עס ערלויבט.

— דער פערוואלטער פון די באהנען אין זיד-רוסלאנד האט ארויס-געגעבען א בעפעהל אין אלע באהן-סטאציאנען, אז מען זאל געבען אלע פאסאזשירען און ארבייטער, וועלכע קענען נישט ווייטער פאהרען מחמת די גרויסע שנייען, אלץ וואס זיי האבען נייטיג צום עסען. דער בעאמטער פון דער סטאנציע, וואו די באהן איז שטעהען געבליבען זאל בעשטעלען עסען פאר אלע פאסאזשירען ביי דעם וואס האלט דעם בופעט אין וואקזאל און ווען דער „בופעטשיק" קאן עס נישט אליין צושטעלען זאל מען טעלעגראפירען צו די נעהנטסטע סטאנציעס, אז די בופעטשיקעס פון יענע וואקזאלען זאלען אנגרייטען עסען פאר א בעשטימטע צאהל פאסאזשירען.

— פון דעם 23 ביז דעם 30טען נאוועמבער, דאס הייסט אין א משך פון א וואך, האט מען אין אדעסא פערברענט 368 מייז. בסך הכל האט מען שוין זייט מען האט אנגעהויבען מלחמה האלטען מיט דער דזשומא פערברענט 15382 מייז, דערונטער 5826 דזשומא-מייז.

— אין לאנדאן האט מען די צייטען געחאפט דעם דירעקטאר פון א פראנצויזישער לעבענס-פערזיכערונגס-געזעלשאפט, וועלכער האט בע'גנב'עט די קאסע אויף 6 מיליאן פראנק און נאך 3 מיליאן פראנק פרעמד געלד.

— דעם 16 דעצעמבער איז אין אנדיזשאן, אין אזיאטישען רוסלאנד, געווען א שרעקליכע ערדציטערניש און עס זענען איינגעפאלען איבער 9000 הייזער, מעהר פון 150 מענשען זענען גע'הרג'עט און 300 מענשען זענען שווער פערוואונדערט געווארען. די גאנצע שטאדט איז אין סכנה, די איינוואהנער 40000 נפשות, האבען נייטיג הילף.

אין מאדריד, די הויפטשטאדט פון שפאניע, האט מען נישט לאנג געחאפט די פראנצויזישע פאמיליע עמבער, וועלכע די פראנצויזישע פאליציי זוכט שוין זייט א האלב יאהר. פאמיליע עמבער האט געמאכט אין פראנקרייך גרויסע שווינדלען אויף כמה מיליאנען, אין וועלכע עס זענען פערמישט אסך גרויסע לייט פון פראנקרייך.

גראף לאמזדארף, דער רוסישער מיניסטער דעם אייסערען, איז געפאהרען אין אויסלאנד, ער וועט זיין אין עסטרייך, סערביע און בולגאריע. מען רעכענט אז זיין רייזע האט א שייכות מיט דעם בריעף, וואס די רוסישע רעגירונג האט אריינגעשיקט צום סולטאן וועגען די מאקעדאנישע פראגע.

## II. יודישע נייעס.

— אין דער קאלאניע נאוואפאלטאווקא אין חערסאנער גוב. האט מען נישט לאנג געעפענט א שולע פאר יודישע לאנד ארבייטער. דער דירעקטאר פון דער שולע ה. לובארסקי האט אין דעם טאג בעקומען וואונש-טעלעגראמעס: פון דעם מיניסטער פאר לאנד-ארבייט, פון דעם פערוואלטער אויף די רעגירונגס גיטער אין חערסאן, און אין בעסארא-ביען, פון בארון גינצבורג און פון דעם קאמיטעט פון „יק"א".

— נישט לאנג האט ד"ר אווינאוויצקי אויס אדעסא געעפענט א יודישע פריוואט-שולע פאר יונגליך אין אדעסא. ביי דעם עפנען איז געווען דער אינספעקטאר ה' שפאקאווסקי איבער די אדעסער פאלקס-שולען און די ראבינער קרעפס, סלאושטש און נאך פיעל חשוב'דיגע מענשען אין אדעסא. אין דער דאזיגער שולע לערנען 80 קינדער, דער-פון צאהלען איין העלפט גאר נישט, פון די אנדערע העלפט צאהלען מאנכע צו 50 קאפיקעס א חודש. 25 קינדער, וואס זייערע עלטערן זענען שוין פערמעגליכע מענשען צאהלען צו 2 רובעל א חודש. פאר די ארימע צאהלען פערשיעדענע בעלי צדקות. די הוצאות פון דער שולע בעטרעפט 200 רובעל א חודש. אין דער דאזיגער שולע זענען פאראן 5 לעהרער און 2 לעהרערינען. די קינדער פון די העכערע קלאסען רעדען גאנץ גוט העברעאיש.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס-בילדונג האט ערלויבט צו עפענען אין קיעוו א יודישע קרוינס-שולע פון 2 קלאסען מיט א בעזונדער אבטיילונג, וואו צו לערנען מלאכות. דעם פלאץ וואו די שולע וועט געבויט ווערען האבען מנדב געווען די ברידער בראדסקי; זיי האבען זיך אויך אונטערגענומען צו בויען די שולע אויף זייער רעכנונג. דער בנין פון דער שולע דארף קאסטען 200000 רובל.

די רוסישע רעגירונג האט ערלויבט צוריק אריינצונעמען 80 סטו-דענטען, וועלכע מען האט ארויסגעטריבען פון די אוניווערזיטעטען, ווייל זיי האבען געמאכט אונרוהען, צווישען די דאזיגע סטודענטען געפינען זיך פיעל פון קיעווער פאליטעכניקום, וועלכע האבען נישט צו צאהלען קיין לעהרען-געלד און קענען דעריבער נישט אריינקומען אין אוניווער-זיטעט. וואו די ידיעה וועגען די ארימע סטודענטען איז אנגעקומען צו די ברידער בראדסקי אין קיעוו, האט יעדער פון זיי געגעבען צו 500 רובל איינצוצאהלען פאר זיי שכר-למוד.

— דיענסטאג דעם 26 פון היינטיגען חודש האבען די חברה מרבי השכלה אין פעטערסבורג געמאכט א קאנצערט-אבענד. די הכנסה פון דעם אבענד איז פאר יודישע ארימע סטודענטען. דער זאל, וואו דער אבענד איז פארגעקומען איז איינער פון די גרעסטע סאלאנען אין פע-טערסבורג און פונדעסטוועגען איז ער געווען אזוי פול, אז מען האט כמעט קיין ליידיגען ארט נישט מעהר געפונען. די הכנסה איז דעריבער פערגרעסערט געווארען אויף א סך מעהר וויפיעל מען האט זיך גערעכענט.

— אין סענאט קומט אצונד פאר די פראגע, אויב יודען האבען דאס רעכט, לויט די געזעצע פון 3 מאי 1882, זיך אנצושאפען פעלדער אין די ערטער וואו זיי מעגען וואהנען.

— דער יוד לואי איזראעלס אין ווענער, דייטשלאנד, איז גע-וועהלט געווארען צום בירגעמייסטער.

— פראפעסאר גאלאנץ אין לאנדאן איז געוועהלט געווארען צום סעקרעטער פון דער נייער בריטישער אקאדעמיע.

— דאס פראקוראטאריום אין קאניץ האט בעשטימט א סומע פון 20,000 מארק אלס פרעמיע פאר דעם, וואס וועט געפינען דעם אמת'ן רוצח פון דעם סטודענט ווינטער, איבער וועלכען מען האט חושד געוועזען איינִיגע יודען.

— מעהרערע יודישע גרויסע לייט אין פראנקרייך, האבען גע-

גרינדעט א קאמיטעט מלחמה צו האלטען מיט דעם אנטיסעמיטיזם אין פראנקרייך און האבען צעשיקט איין אויפרוף צו אלע יודישע קהלות אין פראנקרייך און אלזשיר. אויף דעם אויפרוף זענען גע'חתמ'עט נארציס לעווען, דער פרעזידענט פון דער חברה „כל ישראל חברים“, שלמה ריינאק, דער מיטגליעד פון דער פראנצויזישער אקאדעמיע און נאך אנדערע יודישע גרויסע לייט.

— אין לאנדאן וועט זיך קירצליך ווידער אנהויבען די אספה געגען די עמיגראציאן.

— פון בוקארעסט שרייבט מען, אז דער רומענישער פארלאמענט האט אויסגעקליבען א קאמיסיאן, וועלכע זאל בעהאנדלען די פראגע וועגען געבען שווי זכיות די פרעמדע איינוואהנער. די חברים פון דער דאזיגער קאמיסיאן זענען אלע בעוואוסטע אנטיסעמיטען. עס פערשטעהט זיך, אז מען קאן ווייניג וואס האפען, אז די דאזיגע קאמיסיע וועט פערבעסערן די לאגע פון די רומענישע יודען.

## דער משפט אין טשענסטאחאוו.

דעם 20 דעצעמבער האט זיך אין טשענסטאחאוו (פעטראקאווער גוב.) אנגעהויבען דער משפט געגען די, וואס האבען בעראבעוועט די יודען. עס זענען בעשולדיגט 75 מענשען, 5 פון זיי זענען נישט געקומען. די קלעגער האבען 1 אדוואקאט און די אנגעקלאגטע — 6 אדוואקאטען. אין דעם בעשולדיגונגס־אקט איז אזוי געשריעבען:

דעם 11 סעפטעמבער פון היינטיגעם יאהר 9 דעם זייגער אין דער פריה איז אין טשענסטאחאוו געגאנגען די פרוי טהעאפילע קרוקאווא אין אלטען מארק און האט געקויפט ביי דעם פרוכט־הענדלער דוד אהערבערג פאר 2 רובל בארנעס. אז זי האט בעצאהלט די 2 רובל און האט אנגעהויבען איבערשיטען די בארנעס אין איהר קויש, האט זי דערזעהען, אז די בארנעס זענען פערפוילט און האט געבעטען אהערבערגען, ער זאל איהר צוריקגעבען דאס געלד. אהערבערג אליין האט איהר געוואלט צוריקגעבען דאס געלד. נאר גראד זענען אנגעקומען אנדערע 3 יודען, און האבען איהם נישט געהייסען צוריקגעבען דאס געלד. די פרוי איז בייז געווארען אויף די יודען, וואס מישען זיך אין פרעמדענס געשעפטען און האט איינעם פון זיי א שטויס געטהון, דערפאר האבען איהר די אנדערע צוויי יודען געשלאגען מיט שטעקענס.

טהעאפילע קרוקאווא האט געמאכט א גוואלד און אויף איהר געשריי איז אנגעקומען איהר מאן אנדרזיי קרוק, און האט זיך אנגעהויבען קריגען מיט די יודען. באלד דערויף איז אויך געקומען פאליציי און האט פונאנדערגעריסען די שלעגער און האט געשיקט נאך א דאקטאר צו בעזעהען די פרוי, וועלכע האט נישט געקאנט אדער נישט געוואלט זיך אויפהויבען פון ארט. דער דאקטאר האט געזאגט, אז די קלעפ זענען נישט קיין געפעהרליכע און האט געהייסען מען זאל איהר אויף א וואגען אהיים פיהרען. אין א האלב שעה שפעטער האט דער מאן מיט זיינע 3 קינדער איהר אוועקגעפיהרט אין שפיטאל און אליין איז ער אוועק אין גאס און האט דערצעהלט פאר דעם קריסטליכען עולם, וועלכע זענען געשטאנען ביי דעם קלויסטער סוו. זיגמונט, אז די יודען האבען גע'הרג'עט זיין פרוי. באלד איז ארוים אין שטאדט א קלאנג, אז די יודען האבען גע'הרג'עט א קריסטליכע פרוי. דער עולם איז אלץ גרעסער געווארען, און מיטאג צייט, בשעת די ארבייטער זענען צוריק געגאנגען פון די פאבריקען איז געווארען זעהר א גרויס לארם און דער עולם האט גענומען געהן צום אלטען מארק, נישט קוקענדיג אויף די פאליציי, וואס האט זיי מתרה געווען, זיי זאלען נישט געהן, און דארטען האבען זיי אנגעהויבען ברעכען די טישלעך, וואו די יודען זענען געשטאנען, געווארפען און געטראטען די פירות און עסענווארג און צעבראכען די שויבען פון די יודישע הייזער און געוועלבער. ערשט, אז עס זענען אנגעקומען אסך פאליציי, זענען זיי אוועק פון אלטען מארק און געהענדיג האבען זיי אויך צעבראכען שויבען פון יודישע הייזער אין די גאסען, דורך וועלכע זיי זענען געגאנגען. דערנאך האבען זיי זיך אלע צונויפגענומען און זענען אויך אויף דער קראקאווסקא גאס און האבען דארטען צעבראכען 30 געוועלבער. דאס רוב פון די ראבירער זענען געוועזען פאבריק־ארבייטער, וואס זענען ארומגעגאנגען אהן ארבייט. דער המון איז פון מינוט צו מינוט גרעסער געווארען און ארום 4 דעם זייגער זענען שוין געוועזען איין ערך פון 4000 מאן. די פאליציי איז צו שוואך געוועזען איינצוהאלטען אזא גרויסען עולם, שפעטער איז אפילו שטילער געווארען, דער פאליציימייסטער האט אבער פערשטאנען, אז 7 דעם זייגער, ווען אלע ארבייטער וועלען צוריקגעהן פון די פאבריקען, וועט זיך ווידער אנהויבען גרויסע אונרוהען, און האט דעריבער געבעטען ביי די מיליטער, זיי זאלען איהם העלפען.

די סאלדאטען האבען ביסלעך־ווייז צעטריבען דעם אונרוהיגען עולם, אבער געגען אבענד זענען צוגעקומען א גרויסע צאהל ארבייטער פון די פאבריקען, און די אונרוהען האבען זיך ווידער אנגעהויבען נאך שטארקער, נאך שרעקליכער ווי פריהער. די סאלדאטען האבען זיי נישט געקאנט פונאנדער טרייבען; דער געררייצטער המון האט זיי נאך געזידעלט און בעווארפען מיט שטיינער.

דער לארם איז אלץ שטארקער און שטארקער געווארען: די ארבייטער האבען נישט אויפגעהערט צו האגלען מיט שטיינער אויף די סאלדאטען, דער קאמאנדיר פון די סאלדאטען האט זיי געהייסען זיך צוגרייטען צום שיעסען, נאר דאס האט אויך נישט געהאלפען, אדרבא, דער עולם איז נאך מעהר אויפגעבראכט געווארען און האבען פון א טהייל סאלדאטען ארויסגעהאפט דעם געוועהר. דעמאלט האט דער קאמאנדיר איינגעזעהען, אז מיט סטראשענען אליין וועט ער גאר נישט אויספיהרען און האט געהייסען שיעסען. דאס האט געווירקט: דער עולם האט אנגעהויבען פונאנדער צו געהן. פון דעם שיעסען זענען 2 ארבייטער גע'הרג'עט און 7 פערוואונדעט געווארען. שטיל אין גאנצען איז אבער נאך אלץ נישט געווארען. צוריקגעהענדיג האבען זיי אויך נישט אויפגעהערט צו ראבירען, אנדערע געוועלבער האבען זיי אויסראבירט אנדערע אונטערגעצינדען.

בשעת כמעט אלע סאלדאטען זענען געוועזען פערנומען איינצושטילען די אונרוהען ביין קלויסטער סוו. זיגמונט, האבען זיך צוזאמענגענומען קליינע פארטיעס און האבען חרוב געמאכט יודישע הייזער און געוועלבער אין אנדערע גאסען. ערשט 10 דעם זייגער אין אבענד זענען דארט אנגעקומען פאליציי און האבען נישט דערלאזען מעהר קיין אונרוהען.

די אונרוהען אין טשענסטאחאוו האבען צערייצט דעם המון פון ארומיגע דערפער און אין 4 טעג שפעטער דעם 11 טען סעפטעמבער זענען געווען אונרוהען אין די דערפער אסטאטני גראש, בלעשנא און וואיטאסטווא, וואו מען האט אויך חרוב געמאכט יודישע הייזער און געוועלבער און מען האט אויך א קליינע צאהל יודען געשלאגען.

די חקירה ודרישה האט דערוויזען, אז מען האט איין ערך פון 100 געוועלבער חרוב געמאכט און די סחורות וואס דארטען זענען געווען האט מען צעבראכען און צעריסען; אין 200 הייזער האט מען איינגעבראכען 43 טהירען, 160 פענסטער־ראמען און 4000 שויבען אויסגעבראכען, בסך הכל האבען די ראבירער געמאכט היזקות אויף איין ערך פון 120,000 רובל. 20 יודען האט מען שטארק געשלאגען, אנדערע זענען אויך פערוואונדעט געווארען, פון די סאלדאטען און די פאליציי זענען אויך אסך פערוואונדעט געווארען.

---

# נאהענט און ווייט.

## „שענע יודען“

וועגען דעם געוועזענעם וויצע־פינאנץ־מיניסטער ה׳ קאנואלעווסקי, וועלכער איז ניט לאנג ארויסגעטרעטען פון מיניסטעריום, דערצעהלען די רוסישע צייטונגען פיעל גוטע זאכען.

אונטערעסאנט איז זיין מיינונג, וועגען דעם וואס דאס פינאנץ־מיניסטעריום דארף טהון פאר דעם פאלק: „מיר נעהמען, זאגט ה׳ קאוואלעווסקי, פון פאלק א סך, מיר נעהמען פון פאלק פערשיעדענע נאלאגען און אויסער דעם, ווען איינעם געהט שלעכט אין לעבען, טרינקט ער פון גרויסע צרות בראנפען און זיין לעצטע קאפיקע געהט אריין אין אונזער „מאנאפאליע“, געהט ווידער איינעם גוט און ער־שפארט געלד, טראגט ער ווידער צו אונז אין די שפארקאסען; און דערפאר, וואס מיר נעהמען ביים פאלק א סך, מוזען מיר דעם פאלק א סך געבען.“

און ווייסט איהר, וואס מען דארף נאך ה׳ קאוואלעווסקים מיינונג געבען דעם פאלק? בילדונג און בילדונג, שולען, א סך שולען. עס איז קיין אונטערשיעד ניט וואס פאר א שולען, אבי וואס נאר מעהר שולען. א שולע איז אין יעדער שטאדט נייטיג, קומט אומעטום צונויף און דעריבער האט דאס פינאנץ־מיניסטעריום זיך גענומען אין די לעצטע יאהרען איינפיהרען „פראפעסיאנאלנע“ שולען. חאטש מיט שולען וואלטען זיך אנדערע בעדארפט פארנעהמען, נאר ביי אנדערע געדויערט יאהרען, איידער מען בעקומט איין ערלויבניש אויף א שולע און דאס פינאנץ־מיניסטעריום האט אויף זיך גענומען גרינגער און גיכער דאס צו מאכען, כדי אין רוסלאנד זאל זיך פערשפרייטען א סך, א סך שולען.

ווי ריכטיג זענען די ווערטער פון דעם געוועזענעם מיניסטער קאן דיענען אלס בעסטער ביישפיעל די שטאדט בערדיטשעב.

בערדיטשעב איז ניט קיין שטעדטל, נאר א גרויסע שטאדט, אין וועלכע עס צעהלט זיך הונדערט טויזענט איינוואהנער און די דאזיגע גרויסע שטאדט פארמאגט גאר נישט.

שוין 25 יאהר, אז בערדיטשעב חלאפאטשעט וועגען א גימ־נאזיע, שוין 10 יאהר אז זי חלאפאטשעט וועגען א האנדעלס־שולע, שוין אויך א יאהר צעהן אז בערדיטשעב האט איינגעגעבען, מען זאל דארט ערלויבען א קרעדיטנע באנק, א לאמבארד און נאך נייטיגע שטאדט־זאכען; שא, שטיל! מען הערט נישט און מען זעהט נישט!...

אמת, מען האט געשריעבען, מען האט טעלעגראפירט: אט אט באלד וועט שוין בערדיטשעב עפּיס פארמאגען, נאר אזוי געהט אוועק יאהרען און בערדיטשעב האט גאר נישט.

אויף אזא אופן געהט די שטאדט צוריק און שטארבט אב צו ביסלעך; זי קאן איצטער ניט לעבען, ווי זי האט געלעבט צוריק מיט 25 יאהר. א שטאדט פון 100000 איינוואהנער מוז האבען א גימ־נאזיע, א האנדעלס שולע און נאך „א סך, א סך שולען“, זי מוז אויך האבען א באנק, וואו צו האבען בילליגען קרעדיט און א לאמבארד, מען זאל ניט דארפען אנקומען צו די וואוכערניקעס מיט משכנות פאר גרויסע פראצענטען.

בערדיטשעב איז די איינציגע שטאדט אין רוסלאנד, וועלכע געפינט זיך אין אזא טרויעריגע לאגע.

יעדע ארעמע שטאדט פון 20 אדער 30 טויזענד איינוואהנער פארמאגט א סך מעהר, ווי דאס רייכע בערדיטשעב מיט איהרע 100 טויזענד איינוואהנער.

דעם אמת מוז מען אבער זאגען, אז א סך זענען אין דעם שולדיג די בערדיטשעווער בעלי־הבתים אליין.

פון לאנגע יאהרען אן זענען בערדיטשעווער בעלי־הבתים בעריהמט דערמיט, וואס זיי האבען ליעב שרייבען „פראשעניעס“, בויען לופט־שלעסער און מאכען פלענער.

ווי עס קומט צו א „פראשעניע“ שרייבען, וואכסען אלע אויס, אלע זענען דא, יעדער האט ליעב אונטער צו שרייבען זיך אונטער א פראשעניע: פאר וואס ניט? פארט א בעל־הבית! נאר ווי עס קומט צום אויספיהרען א זאך, דאס הייסט, ווי מען דארף אויפשפילען די קעשענע, זיך לאזען עפּעס קאסטען. געבען אגעוויסען קאפּיטאל צו גרינדען די נייטיגע שטאדט־זאכען. איז קיינער ניט דא אין דער היים.

— האבען בילליגען קרעדיט, איין אומזיסטיגע שולע פאר די קינדער, — פאר וואס ניט? זעהר שען! נאר אריינלעגען געלד אין אזוינע זאכען איז אין גאנץ בערדיטשעב, צווישען די 100 טויזענט איינוואהנער, ניט דא קיין סך בעלנים.

בערדיטשעווער איינוואהנער ווילען אפילו נישט צאהלען פאר זייער איינציג רייכטהום — דער טראמוואי (קאנקע): אדער מען געהט צופוס אדער מען „פאהרט אזוי אונטער“... היינט ווער רעדט שוין צו געבען עטליכע צעהנדליג טויזענטער אויף א שולע אדער אויף צו גרינדען א באנק מיט בילליגען קרעדיט?

בערדיטשעווער יודען ווילען אלעס האבען אומזוסט, — און אומזוסט איז היינטיגע צייטען קיין זאך ניט דא.

איך בין זיכער, אז ווען די בערדיטשעווער בעלי־הבתים זאלען זיך נעהמען ערענסט צו זייערע יאהרען־לאנגע „חאדאטאיסטוועס“ און איבערהיפּט צוגרייטען דעם נייטיגען קאפּיטאל, וואס מען דארף האבען, אז פון זייערע פּראיעקטען און לופטשלעסער זאל טאקי ווערען גיצליכע זאכען פאר דער שטאדט, וואלטען זיי שוין לאנג געהאט אלעס, וואס אזא גרויסע שטאדט דארף האבען. פון דעם, וואס מען שרייבט נאר אונטער „פראשעניעס“ קאן גאר נישט ווערען, מען מוז אויסער די פראשעניעס האבען דעם נייטיגען קאפּיטאל דער צו.

אמאליגע יאהרען, אז מען האט געוואלט זיין א „שענער יוד“, א שטאדט־בעל־הבית, האט יעדער געוואוסט, אז עס דארף קאסטען געלד, היינט וויל מען זיין „שענע יודען“ אומזוסט.

אין קאמענעץ־פּאדאלסק זענען דא יודען, וועלכע זיצען אין מזרח וואנד, מען רופט זיי אויף אפּט צו דער תורה, זיי זענען אלע מאל מנדר, נאר איידער מען מאהנט איין ביי זיי די נדרים לויפט זיך אן דער שמש די פיס און צעררייסט דריי לאטעס פון זיינע צעריסענע שטיוועל.

אין ווילנא זענען דא פערשיעדענע „חברות“ מיט מיטגלידער, קיינער זאגט זיך ניט אב, איינצושרייבען זיך פאר א מיטגליעד. מהיכא תיתי? מסתמא בין איך א שענער יוד, אז מען וויל, איך זאל זיך פאר־

שרייבען פאר א מיתנגליד. נאר אז עס קומט צו איינמאהנען די 3 אדער 6 רובל א יאהר, לויפט מען נאך א גאנץ יאהר, און עס איז דא אזוינע „שענע יודען", פון וועלכע עס קומט שוין פאר צוויי און פאר דריי יאהר. זעהט איהר, טאמער איז איין אסיפה, קומען זיי צו לויפען, זיי שרייען העכער פון די, וואס האבען בעצאהלט און זאגען דעות דארט וואו מען דארף און וואו מען דארף ניט.

וואס קומט ארויס פון אזוינע שענע יודען? די חברות זענען ניט אין שטאנד אויסצופיהרען די ניצליכע ארבייט, וואס זיי האבען אויף זיך גענומען.

איינער א שוהל-שמש קלאגט זיך אין א בריעף:

— שוין דעם דריטען חודש, אז די גבאים האבען מיר א גראשען ניט געגעבען (ער נעהמט 4 רובל א וואך) „געה מאהן איין ביי די בעלי-הבתים, וואס עס קומט פון זיי, וועסט דו האבען", — זאגען מיר די גבאים, און איך האב זיך שוין די פיס אבגעגאנגען און קיינער גיט ניט. זעהט איהר שבת קומען די בעלי-הבתים אין שוהל „ברייטליך" און אז זיי געפינען ניט עפיס אין ארדנונג, שרייט מען אויף דעם שמש און מען ווינקט אויף די גבאים...

איך פרעג אייך: וואו זאל די שוהל נעהמען אויף ארדנונג, אז מען האט אזוינע שענע בעלי-הבתים, אז אפילו דער שמש דארף שטארבען פאר הונגער:

אזוינע „שענע יודען" זעהען מיר, צום בעדויערען, נישט נאר אין שוהל און ביי פערשידענע חברות, נאר אומעטום.

אומעטום זאגען זיי זייער דעה העכער פון אלעמען, אומעטום וואקסען זיי אויס, וואו מען דארף ניט, אומעטום וועלען זיי פיהרען דאס רעדל, אומעטום האלטען זיי זיך פאר חכמים אדער ווי היינט רופט מען עס אן ביי יודען „פאליטיקער" און ווי עס קומט „צו דער קעשענע" דרעהען זיי אזוי, אז אנדערע זאלען געבען און זיי וועלען זיין די שענע יודען. שיטען און שפרייטען, וואו מען דארף און וואו מען דארף ניט, פרעמד געלד און אלעס מיט דער „ברייטער האנד".

וואס האט מען צו שפארען קהל'ס געלד?

וויפיעל, וויפיעל יודיש געלד האבען שוין אזוינע שענע יודען צעשיט און צעשפרייט אויף גאר נישט!...

וויפיעל ניצליכע חברות און גוטע איינפיהרונגען פאר טובת הכלל פאלען ביי אונז איבער אזוינע שענע יודען!...

אמת.

---

# וועג-בילדער.

(וואס איך האב מיך אנגעזעהען און אנגעהערט אויף מיין רייזע אין קליינע יודישע פוילישע שטעדטלעך).

## א.
## א יודישער נגיד.

I.

### די שטעדטלעך אליין פאר זיך.

אז משיח וועט קומען, אין וואס פאר א שטאדט וועט ער אריין קומען? קיין ווארשא? געוויס נישט! נישט ער וועט דארט זיינע יודען דערקענען. און נאך ווייניגער וועלען זיך זיינע יודען צו איהם וועלען צו דערקענען געבען, און וועט ער אין א שוהל וועלען אריין קומען, וועט מען איהם דעם וועג פערשטעלען און נאך א פאס פרעגען...

אז משיח וועט קומען, וועט ער געוויס גלייך אריין קומען, קיין... גאר אין דעם זענען שוין מחלק צוויי יודישע שטעדטלעך, גאסטענין און גאמבין, די יודען פון גאסטענין טענה'ן: משיח איז זייער! און נעה טהו זיי עפיס דערפאר! וויפיעל צרות האבען זיי שוין געליטען און אלס אויף משיח'ן אבגעלייגט, — היינט אז ער וועט שוין קומען, ווי וועט ער גאר אין א פרעמדע שטאדט אריין קומען? די יודען פון דעם צווייטען שטעדטל טענה'ן אבער: משיח פאסט פאר זייער שטעדטל, טאקי א יודיש שטעדטל מיט'ן קנאק; קודם כל געפינט זיך דארט ביי זיי תמיד און תמיד צוויי רבנים פון צוויי פערשיעדענע פארטייען, און יעדער רב האט זיין אייגענעם שוחט, חזן, שמשים, און דער שטאדט-עטאט איז קיינמאל נישט אונטערגעשריעבען, מען ווייסט איהם פשוט נישט וועמען צו געבען.

גאמבין און גאסטענין זענען צוויי קליינע שטעדטלעך, וואס איינס ליגט הארט נעבען דעם צווייטען, דאס לעצטע איז גאר א טפל, א צולייג צום ערשטען (חאטש גאסטענין זאגט דאס זעלבע אויף גאמבין.) ווארום גאמבין איז א מקום, וואס ערציעהט מאנספערשוינען, גאסטענין איז ווייטער א מקום, וואס איז מגדל פרויענצימער, און גאט ברוך הוא האט געקליגט צו בעשאפען איין שטעדטל הארט נעבען צווייטען, כדי גאר אז יודען זאלען זיך קענען צוזאמען משדך זיין (אין איין שטאדט א שדוך טהון, וואס דארט זאל זיך דער חתן מיט דער כלה געפינען, פאסט דאך נישט. זיי קענען זיך דאך נאך אמאל אין דער גאס צוזאמען טרעפען), און חאטש גאסטענין ערציעהט אויף מאנספערשוינען, דאך איז עס גאר א צולייג צו גאמבין, ווייל די יונגע לייטלעך קומען דאך צו די שווערס קעסט עסען, קומט אויס אז גאסטענין ווערד וואס א מאל קלענער, גאמבין — גרעסער.

אויף דעם וועג פון גאמבין קיין גאסטענין איז פארהאן א יודישע קרעטשמע, כדי דארט זאל זיין דער צוזאמען-פאהר פון ביידע צדדים. יא בעזונדערע שטוב איז דירעקט אין דער קרעטשמע געמאכט געווארען, אז חתן כלה זאל צווישען זיך א ווארט חאפען, און דארט שרייבט מען תנאים.

אלע גאמבינער יונגלעך האבען זיידעס און פעטערס אין גאסטענין, אלע גאסטעניגער יונגלעך האבען באבעס און מומעס אין גאמבין און אז איהר פאהרט אויף דעם וועג פון איין שטעדטל אין צווייטען זעהט איהר טהיילמאל ווי יונגלעך מיט אויסגעווייגטע אויגען לויפען מיט שרעק פון איין שטעדטל אין צווייטען אריין, א ברוגז זיך א ידאי אין דער היים געמאכט, לויפט ער צו א זיידען אדער צו א פעטער... און אז עס קומט חול המועד געפינען זיך גאסטעניגער בעלי-בתים אין גאמבין — גאמבינער בעלי-בתים קומען צו גאסט נאך גאסטענין.

דער וועג, וואס פיהרט פון איין שטעדטל אין צווייטען אריין, הייסט אין גאמבין: „דער גאסטעניגער וועג", אין גאסטענין רופט מען איהם: „דער גאמבינער וועג", און אז עס קומט שבת געהען גאמבינער

מיידלעך אויף איין זייט וועג שפאציערען, גאסטעניגער בחורים אויפ'ן צווייטען זייט וועג שפאציערען, און ווען נישט דער תחום שבת וואלטען זיי זיך צוזאמען געטראפען...

שבת נאכ'ן עסען, אזוי ווי דאס שטעדטל ווערד נאר איינגע־שלאפען, לאזט זיך א בחור פון גאסטעניין אויף דעם „גאמבינער וועג" ארויס, ער טראגט א לאנגען ראק מיט צוויי שניטען. איין אומגעלייגט קעלנערל אויפ'ן האלז, און דער בחור געהט, ווייטער... ווייטער... קוקט זיך אלע מאל מיט שרעק אום, אויב עס געהט איהם, חלילה, נישט וועער נאך, און ער געהט, און א ווינד בלאזט, דערהייבט דעם שטויב און ער ווערד אין קארזש פון מענשענס אויגען בעהאלטען.

שבת נאכ'ן עסען, אזוי ווי דאס שטעדטל ווערד נאר איינגע־שלאפען, לאזט זיך א מיידל פון נאמבין אויף דעם „גאסטעניגער וועג" ארויס, זי טראגט א לאנג גרין קליידל מיט א זומער פאלדענדי־גען זשאקעט, און דאס מיידל געהט ווייטער... ווייטער... קוקט זיך אלע מאל מיט שרעק אום, אויב עס געהט איהר, חלילה, נישט וועער נאך, און זי געהט, און א ווינד בלאזט, דערהעבט דעם שטויב און זי ווערד אין קארזש פון מענשענס אויגען בעהאלטען.

אין מיטען וועג טרעפען זיי זיך צוזאמען.

— פיינגעלע! מיין מאנד!

— שמערל! מיין זעעלע!

א געליעבטער מיט א געליעבטע זענען דאס. וואס לעזען ביידע שמר'ס ראמאנען.

---

II.

די שטעדטלעך צום נגיד.

דער מארק אין נאמבין איז מיט קליינע הילצערנע הייזלעך ארום געריגגעלט, וואס פון דערווייטען זעהען זיי אויס ווי קליינע שטיקלעך אבגעבראכענע פלויטלעך, און צווישען די שטיקלעך פלויטלעך פון איין זייט מארק קוקט א געלב אבגעפארבט הויז ארויס העכער פון אלע, און דער נייער אבגעשמירטער דאך גלאנצט מיט עזות אין דער גאס אריין. אויף א האלצערנעם אלט־מאדישען גאניקל, וואס הענגט איבער א נידריג געוועלב, טאקי אין דעם זעלבען הויז, זיצט שאטע, בערקע דעם נגיד'ס ווייב, א דיקע, בריימע פרוי אנגעטהון אין א ברייט פארטוך, און דאס בונט שליסעלעך, וואס איז אריינ־געשטעקט אין דעם פארטוך, און די גרויסע גאלדענע באמבאס, וואס הענגען איהר אראב פון די גרויסע אויערען, שאקלען זיך יעדע ווייל אזוי ווי נאר די יודענע בעוועגט זיך. ביי איהר זייט אויף דעם גאניקל שטעהט עפיס א יונגל אנגעטהון אין א לאנגע קאפאטע מיט א ספר אונטערן ארעם און ציעהט זי ביי דעם פארטוך און קוויטשעט עפיס וויינענדיג.

פון דער צווייטער זייט מארק פאר א נייעם הויז, וואו עס גלאנצט זיך א שילד, שטעהען איינינע פייער־קענדלעך מיט וואסער און עפיס א סטראשניק, עפיס א גוי מיט אבגעפוצטע שטיוועל און הויזען מיט בלאע לאמפאסען און א היטעל מיט לאמפאסען, דרעהט זיך אין מארק ארום.

אין מיטען גאס שטעהט א דראנג, אויפ'ן דראנג איז א ברעט אנגעשלאגען מיט אבגעריבענע אותיות. ביים דראנג הענגט א לאמטער מיט א פערראייכערט גלעזל, ביי דער לאמטער שטעהט איין אבגעריסע־נער יוד, מיט א צעריסען פערדרעהט היטעל, און קראצט זיך אין דעם שווארצען אבגעברענטען לייב, וואס קוקט ארויס פון די צעריסענע קאפאטע, און דער יוד שטעהט, קוקט אין גאס און לאכט.

א יונגעלע געהט דורך און שרייט: וועלוועל משוגע'נער! וועלוועל לאכט; באלד דערמאנט זיך דאס יונגעלע, אז עס איז שוין שפעט, איילט ער זיך אין חדר אריין.

אין מיטען מארק שטעהען א קופקעלע יודלעך, אנגעטהון אין לאנגע קאפאטעס, מיט שטעקענס אין די הענד, און שמועסען צווישען זיך, איינער שטעהט ביים דראנג און שרייבט עפיס אין א ביכל אריין.

פאר די געוועלבלעך שטעהען ווייבער מיט שטריק־נאדלען אין די הענד, שטריקען און שמועסען צווישען זיך; פון ערגעץ וואו הערט מען א וויינענדיג געשריי פון קינדער: א חדר א ודאי נישט ווייט...

אין דעם מארק, טאקי אין דעם געלבען הויז, זיצט בערקע, דער שטאדטס נגיד. פון וואנען ער איז א נגיד געווארען, נישט קיין באהנען געמאכט, נישט קיין שיפען אויפ'ן ים? איין גאט ווייסט עס! אין דעם מארק צווישען די צעבראכענע אבגעריסענע פלויטלעך דערצעהלט מען אזוי:

אין אפטייקערס הויז, אונטער די טרעפ איז א איינגעלייגטער אויבען דא, דארט האט אמאל א בעקער געוואהנט, אפילו ביי טאג איז אויך א סכנה דורך דעם הויז דורכצוגעהן, איינינע ווייבער האבען שוין דארט, נישט דא געדאכט, געשפיל'ט, ווען זיי זענען אליין דורך געגאנגען. נטע הירש דער וואסער־טרעגער האט דארט געזעהען אייער ליגנצן, מיינט ער, אז עס האט זיי וועער אנידערגעלייגט און פרעהט זיך אויף דער כשר'ע מציאה, וואס גאט האט איהם צוגעשיקט, און נאר אזוי ווי ער שטרעקט זיין האנד אויס, שטעה! עס פלאצען די אייער, און פערשיעדענע מענשלעך פליהען ארויס מיט א גרויס געלעכטער, און זענען ערגעץ וואו פערשוואונדען געווארען.

און אויף בערקען פלעגט מען זאגען נאך פון קינדערהייט אן, אז ער האט צו טהון מיט „יענע לייט", דארט אין אפטייקערס הויז אויפ'ן אויבען פלעגט ער טאקי נעכטיגען, צוועלף א זייגער ביי טאג זעהט מען איהם תמיד אליין צום בית עולם געהן. און דער ריכטיגער סימן איז, וואס זומער טראגט ער שטענדיג א גראבען פעלץ און עס פלעגט איהם נישט היים זיין, ווינטער א לייכט חאלאטל און נישט קאלט זיין.

און בערקע האט אמאל „אזא איינעם" בעשווארען, און יענער האט איהם געוויזען פיעלע טעפ מיט רענדלעך, וואס דער אלטער אפטייקער האט אין אויבען געהאט איינגעמויערט.

געוועזען איז עס ארעם יודיש געלד, פון קראנקע דערשלאגענע מענשען, וואס דער אפטייקער פלעגט פון זיי די הויט רייסען, דורך דעם האט נישט דער אפטייקער און נישט בערקע קיין שליטה דערצו, זיי זענען נאר שומרים איבער דעם געלד.

דורך דעם איז דאך שוין קיין וואונדער נישט, וואס בערקע איז א קארגער, אז ער האט קיין שליטה נישט אויף זיין אייגען געלד. טאקי ער וויל העלפען, מיט'ן גאנצען הארץ וויל ער, מען זעהט דאך

טאקי ווי ער וויינט פּשוט מיט טרערן בּשעת יענער קלאגט זיך פאר איהם, נאר העלפן קאן ער דאך נישט... אז עס איז נישט זיין געלד.

און כאטש אין גאמבּין אליין איז בּערקע אזוי שפּל'דיג — טאקי בּיי די גאמבּינער בּעלי־בּתּים — אָבּער אין דער פרעמד האלטען גאמבּינער בּעלי־בּתּים זעהר פיעל פון זייער בּערקען, שטאלצירען מיט זיין רייכקייט און בּעריהמען זיך מיט זיין דארף „זאפּאראווקע", וואס שמ'ט אין די סביבות — און זאגט א גאמבּינער בּעל בּית, אז א קיטנער נגיד איז רייכער פון בּערקען, איז ער אייך גרייט א לעבּעדיגער אויף צו עסען.

גאמבּין וואַרט אויף בּערקעס טויט ווי יודען ווארטען אויף משיח'ן, א פּלויט צום בּית עולם, דאס בּית־המדרש — א דאך, די מקוה — א נייעם קעסעל, די שוהל — איין ארון; אלם אויף בּערקעס טויט, קוים מאכט בּערקע „דאס עסק..." וועט שוין אויף אלעם קלעקען.

גאסטענין האָרט אויך אויף בּערקעס טויט — אַי וואס? גאר נישט! דאכט זיך אזוי גלאט וועט שוין נישט דורכגעהן: זיי זענען דאך אויך יודען און דארפען אויך: איינס זייערע זיהן זענען גאמבּינער איידעמס, גאמבּינער בּעלי־בּתּים — זייערע מחותּנים.. און גאמבּין שפּארט זיך איין: זיי קענען ווארטען בּיז משיח וועט קומען. זעצען זיי א בּית־דין, ווי הייסט? זיי זענען דאך אויך אָרעמע לייט!— מאכט מען א פּשרה, זיי וועלען אויך א חלק'ל קריגען — עס קומט זיי טאקי נישט — נאר גלאט, זאלען זיי וויסען, אז גאמבּין איז גאמבּין.

און בּערקע געהט דערוויל ארום און לאכט.

נאך דער שׂרפה שיקען די ראשי־הקהל צו איהם. ר' בּערקע קרוין — וואס איהר האָט צו געבּען, גיט שוין, מיר זענען דאך אין איין עת צרה, וועט מען שפּעטער וועלוועלער לאזען.

נאר געה און שמועס מיט א מענשען, וואס ער האָט קיין שיטה אויף זיין אייגען געלד נישט, ענטפערט ער זיי:

— דערוויל קיין גראשען געלד נישט, דערנאך וועט איהר צייט האבּען.

פאר דעם האָט מען איהם געקנס'עט, זיך נישט צו ריהרען בּיז 5 רויטע וועלען נישט ליגען אויפ'ן טיש.

און דער גבּאי פון חברה קדישא בּעזונדער מיינט, אז וויפיעל בּערקע וועט געבּען וועט מען אלץ נישט די מטה מיט'ן גייעם טוך בּעדעקען.

אנדערע בּעלי־בּתּים האָבּען תּרעומות: וואס זאל ער געבּעך טהון, אז ער קאן נישט, אז ער האָט קיין שליטה נישט?

(ענדע קומט).

שלום אש.

---

## דער פעטער „שנייער".*)

(א קינדער־ליעד)

דער גראהער הימעל ציהט ארויף
אויף זיך א שווארצען שלייער;
עס אטהעמט שווער די לופט מיט פראסט —
עס קומט דער פעטער „שנייער".

וואס מאכט איהר עפּים, פעטער-לעב,
האָט איהר געבּראכט מתּנות?
בּינדט אויף דעם פּעקל, אייערען,
א, גיכער, האָט רחמנות!

איהר האָט געוויס געבּראכט פאר מיר
אויף ווינטער גאנצע קליידער?
א מענטעלע א ווארעמען? —
איך דארף דאך געהן אין חדר!

און שטיוועל נייע, גאנצע כאטש
צי האָט איהר פאר מיין טאטען?
די אלטע זענען שוין צעפוילט,
מען קאן זיי מעהר ניט לאטען.

צי האָט איהר פאר דעם פעטער בּער
געבּראכט א בּיסל געלד?
עס איז איהם נעבּאך זעהר שלעכט —
זיי ליידען הונגער, קעלט.

צי האָט איהר א רפואה כאטש
געבּראכט דער מוהמען בּיילעה'ן?
ז'איז נעבּאך קראנק און האָט קיין געלד
בּיין דאקטער זיך צו היילען.

און פאר דער מוהמע שׂרה'לען
צי האָט איהר וואס געבּראכט?
זי איז דאך איין אלמנה היינט
מיט פיצלעך קינדער אכט.

היינט שכנים קראנקע, ארעמע,
איך זאג אייך — א רחמנות!
איהר וועט זיי גאר מחיה זיין
מיט עפּים וואס מתּנות!

* * *

און דער אלטער פעטער „שנייער"
בּינד דאס פּעקל אויף, און שיט
בּלויזע שניי אין אלע גאסען,
אבּער קיין מתּנות — ניט!

ניט קיין קליידער, ניט קיין שטיוועל,
ניט קיין האלץ און ניט קיין געלט,
קיין רפואות פאר דער מוהמען, —
שניי נאר שניי, מיט פראסט און קעלט.

און די הייזער און די בּוימער
טהוען זיך אין „ווייסען" אן;
ווייסע לייליכער — תּכריכים —
ס'פאלט אויף מיר איין אימה אן...

אליעזר מאנפריד.

---

*) בּיי קינדער הייסט דער ערשטער שניי — „דער פעטער שנייער".

# די קלאסען און נאציאנען.

וואס זענען אזוינס די קלאסען פון יעדער געזעלשאפט און וואס איז א נאציאן? — דאס זענען די וויכטיגסטע פראגען, וועלכע אינטערעסירען אלע מענשליכע דענקער אין די לעצטע יאהרען. איבערהויפט פערנעהמען די פראגען א גרויסען ארט אין אונזער יודישען וועלטל: ערשטענס דערפאר, ווייל דער יוד איז בטבע א בעל־מח, א קאפ־מענש און יעדע אידעע געפינט געוועהנליך א ווידער־קול צווישען קאפ־מענש; צווייטענס ווייל דער גורל פון אונזער פאלק און זיין צוקונפט הענגט זעהר אב אט פון די פראגען און פון די ריכטיגע תשובות, וואס מען קאן אויף זיי געבען.

וואס איז חשוב'ער אין אונזער לעבען? צי די מלחמה פון קלאסען און זייער קיום, צי די מלחמה און קיום פון א פאלק בכלל אלס נאציאן? — אויף די פראגע גיט מען צוויי פערשיעדענע תשובות. פאראן ביי אונז אזוינע מענשען, וואס מיינען, אז די קלאסען און זייערע אינטערעסען זענען אין לעבען דער עקר און דער קיום פון א נאציאן איז א טפל, א זייטיגע זאך, אויף וועלכע איז נישט כדאי צו לעגען די כחות. פאראן ביי אונז ווידער אנדערע מענשען, וואס זאגען, אז דער קיום פון א נאציאן איז די הויפטזאך פאר יעדער קלאס מענשען, די אויסבילדונג פון קלאסען און זייער שטרייט צווישען זיך שטעהט אויפ'ן צווייטען פלאן און האט א ווערט, אז די נאציאן האט שוין א געזונדען יסוד צו איהר לעבען. די דאזיגע צוויי שטות זענען די יסודות, אויף וועלכע די פערשיעדענע פארטייען בויען די פראגראמען פון זייערע ארבייטען. די אנהענגער פון די ביידע שטות שטרייטען שטענדיג צווישען זיך. די נאציאנאליסטען קוקען אויף די מענשען, וואס זענען פאר קלאסען־קאמפף, ווי אויף א זוינע מיני ווילדע בעשעפענישען, פון וועלכע מען מוז ענטלויפען, וואו פעפער וואקסט. די ווידער, וואס שטעהען פאר קלאסען־קאמפף, קוקען אויף יענע, וועלכע ווילען שטארקען און ענטוויקלען אין דער פאלקסמאסע די נאציאנאלע געפיהלען, ווי אויף רעאקציאנערען, פינסטערע פאנטאזיארען, מיט וועלכע מען מוז פיהרען אהן איין אויפהער א מלחמה. יעדער צד בעמיהט זיך צו צוציהען וואס מעהר מענשען אין זיין מחנה: די אגענטען (די אגיטאטארען, הייסט דאס) פון יעדער צד ווייזען ארויס די פיינקייט פון דער אידעע, צו וועלכע זיי געהערען, טענה'ן, ריידען און לויבען זייער סחורה, אזוי ווי פשוט'ע מעקלערס. ביי די מענשען, וואס הערען זיך צו אט צו אלע דיעזע רייד, שטעלט זיך זעהר זעלטען אב א קלארער בעגריף פון די ביידע שטות. ביי זיי אין קאפ בלייבט נאר א טומעל, א מיש־מאש פון פערשיעדענע פראזען, פון וועלכע זיי פערשטעהען קוים דעם פשט. פון גאנצען פראזען־געפיל־דער טראגט מען ארויס א געדאנק נאר, אז ווען מען געהערט צו איין פארטיי מוז מען ריידען און חוזק מאכען פון דער צווייטער. און אזוי ווערד מיט דער צייט אויסגעארבייט א גאנץ סך פראזיארען, פוסטע אויסגעווייקטע מליצות־רעדנער, וואס פערדרעהען זיך זעלבסט און אנדערע דעם קאפ מיט דונקלע רעדערייען. דעריבער איז קיין וואונדער ניט, אז אלע אונזערע חברה'ס און ארגאניזאציעס זענען באמת שילדען אהן געוועלבען, א פארם אהן א תוך, א שאלעכץ אהן א קערן.

צי זענען אין אמת'ען די ביידע עלעמענטען, ווי קלאסען און נאציאנאליטעט אזוי זיך סותר איינער דעם אנדערן, אז זיי קענען ניט לעבען בשלום? צי מוזען אין אמת'ען דער יודישער ארבייטער, וועלכער וויל אויסבעסערן זיין עקאנאמישע לאגע, ברענגען א קרבן זיינע נאציאנאלע געפיהלען, וועלכע ליגען פערבארגען טיעף אין זיין **יודישער** נשמה?

לאמיר זעהען!

* * *

וואס הייסט א קלאס?

מענשען, וואס האבען א גלייכען עקאנאמישען יסוד, גלייכע קוואלען פון פרנסה, גלייכע אופנים פון לעבען, ווערען אנגערופען א קלאס. די, וואס האבען, למשל, אין זייער רשות גרעסערע אדער קלענערע נחלות ערד (אגראריער), זענען צוזאמען א קלאס, ווייל זיי האבען אלע די אייגענע אינטערעסען, די אייגענע פאדערונגען פון אנדערע קלאסען און פון דער חברה; פאבריקאנטען זענען א קלאס, ווייל זיי האבען אויך זייערע בעזונדערע אינטערעסען; ארבייטער זענען א קלאס, ווייל זיי הארעווען אלע גלייך און לעבען אונטער גלייכע רעכטען און איבעריגע לעבענס־תנאים. די אלע קלאסען שטרייטען צווישען זיך פאר זייערע רעכטע און ממשלה איבער דער געזעלשאפט (דעריבער רופט מען דאס: קלאסען־קאמפף) יעדער קלאס ווילט זיך האבען די אויבערהאנד אין דער געזעלשאפט, בכדי זיי זאלען קענען נוצען ברענגען זייערע אייגענע אינטערעסען. די אינטערעסען פון איין קלאס זענען אפט געגען די אינטערעסען פון צווייטען קלאס, ווייל דאס, וואס איז גוט איין קלאס, איז טהיילמאלס שלעכטע פאר דעם צווייטען קלאס.

אין דייטשלאנד, למשל, קומט יעצט פאר א שטרייט צווישען די וואס האבען נחלות ערד, און די איבעריגע קלאסען פון געזעלשאפט. דייטשלאנד האט נאכ'ן ערך נאך א קליינעם שטח לאנד, מענשען זענען דארטען דא זעהר פיעל; דאס לאנד האט ניט בכח צו שאפען אזוי פיעל ברויט און איבעריגע לעבענס־מיטעל, וויפיעל מען דארף דארטען האבען; מען מוז אריין פיהרען תבואות פון שכנה'שע מלוכות רוסלאנד, עסטרייך און אזוי ווייטער. געוועהנליך האט ניט געשמעקט די דייטשע בעלי־נחלות און גוטסבעזיצער (פאמיעשציקעס) צו האבען קאנקורענטען פון אויסלאנד אויף תבואה און אנדערע פראדוקטען פון פעלד, זיי האבען זיך אלע פעראייניגט, געמאכט יד אחת און געגעפאדערט, מען זאל ארויף לייגען גרויס אבצאהלונגען אויף די אריינגעפיהרטע סחורות, און ממילא וועלען זיי אליין אויך קענען העכערען די פרייזען אויף זייערע תבואות. די ארבייטער און די איבעריגע קלאסען, וועלכע האבען ניט אייגענע חלקים ערד, און דעריבער מוזען זיי נאר זיין קונים אויף תבואות, האבען דאס ניט געוואלט צולאזען, און עס האט זיך אנגעהויבען א גרויסער שטרייט צווישען ביידע פארטייען: אזא קלאסען־קאמפף בעגעגענען מיר אין דער גאנצער געשיכטע. ביי די מענשען פון פערשיעדענע קלאסען הערשט דער כלל: „איינער פאר אלע (פון דעם קלאס) און אלע פאר איינעם". וויל איך אויסבעסערן מיין עקאנאמישע לאגע, וויל איך, אז מיינע אינטערעסען זאלען ניט געטשעפעט ווערען, מוז איך זיך פעראייניגען מיט די איבעריגע חברים פון מיין קלאס, און אלע צוזאמען מוזען מיט שותפישע כחות

זעהען צו פאדערן דאס. ווי דעם גאנצען קלאס איז נייטיג אונ ניצליך. אונ וואס א געוויסער קלאס איז גרעסער אין צאהל, איז ער אלץ שטארקער, אונ ממילא האט ער מעהר אויסזיכט אויף נצחון. ווען מען דארף פאדערן אלגעמיינע עקאנאמישע פאדערונגען, פעראייניגען זיך שטענדיג מענשען אפילו פון פערשיעדענע נאציאנען, קוים לעבען זיי ביי גלייכע עקאנאמישע אונ רעכטליכע תנאים אונ קוים מעגען אלע הנאה האבען פון דער פאדערונג, וועלכע מען שטעלט ארויס. דעריבער טענה'ן טאקי די וואס זענען גאר פאר קלאסען־קאמפף: נאציאנאליטעט?! ס'טייטש! מענשען ליידען נישט פון דעם וואס ס'זענען דא א סך פערשיעדענע נאציאנען, נאר פון דעם, וואס אין יעדער נאציאן זענען דא פערשיעדענע קלאסען; וויל מען אויפבעסערן די עקאנאמישע לאגע פון א מענשען, מוז ער זיך פעראייניגען מיט די איבעריגע מענשען פון זיין קלאס אונ ארונטער ווארפען פון זיך די נאציאנאליטעט; מען מוז געהן האנד אונ האנד מיט אלע מיטגליעדער פון קלאס, זיי מעגען געהערען פערשיעדענע נאציאנען אונ די אחדות פון דער גאנצער נאציאן קאן דערביי גאר ניט העלפען. אלע קאפיטאליסטען, צו וועלכען פאלק זיי זאלען ניט געהערען, פעראייניגען זיך אין איינעם, דאס אייגענע טהון אויך די בעלי־מלאכות אונ אנדערע קלאסען פון געזעלשאפט, די נאציאן שפיעלט דערביי גאר קיין ראליע ניט אונ מען טאר די נאציאנאלע פראגע נישט אריינטראגען אין עקאנאמישע פראגען. — אזא מיינונג וואלט זיין ריכטיג אונ מיר וואלטען מסכים זיין צו איהר, ווען דער מענש וואלט גאר האבען ברויט־פראגען. אבער „לא על הלחם לבדו יחיה האדם!“ (ניט מיט ברויט אליין לעבט דער מענש), אבער מיר דארפען ניט פארגעסען, אז אויסער די עקאנאמישע בעדערפניסען, אויסער דעם הכרח אנצושטאפען דעם מאגען, זענען נאך דא ביי יעדעם מענשען אנדערע גייסטליכע בעדערפנישען. אזעלכע בעדערפנישען, וועלכע האבען ביי אונז אזא הויכען ווערט ווי די עקאנאמישע אינטערעסען. יעדער מענש זוכט גייסטליכע פארגניגונגען, ליעבט מוזיק, קונסט, פאעזיע; יעדער מענש פיהלט איין ענג־רוחני, ווען ער געפינט זיך אין דעם ארט, וואו ער איז געבארען געווארען; יעדעם איז טייער זיין אייגענע פאמיליע, זיין אייגען לשון אונ זיין אייגענע ליטעראטור, אין וועלכע עס שפיעגעלט זיך אב דאס פריהערדיגע אונ יעצטיגע לעבען פון זיין פאלק. אזעלכע גייסטיגע בעדערפנישען דארפען צופריעדען שטעלען דעם מענשען ניט ווייניגער ווי עקאנאמישע, אונ ווען עס דארפען זיך ארגאניזירען אלע מיטגליעדער פון קלאס, בכדי צו בעפריעדיגען זייער עקאנאמישעס פערלאנגען, מוזען זיך פעראייניגען די אלע מיטגליעדער פון איין נאציאן, ווען מיר ווילען צופריעדען שטעלען די גייסטיגע בעדערפנישען פון אונז, ווייל יעדע נאציאן האט ספעציעלע גייסטיגע פאדערונגען.

די פעראייניגונג פון קלאסען שטערט ניט אפילו אויף א האר די נאציאנאלע פעראייניגונג. א מענש, וואס ליעבט זעהר זיין פאמיליע, זיין הויז א. ז. וו., קאן מאכען א געשעפט מיט א ווילד פרעמדען מענשען. די ליעבע צו דער פאמיליע שוואכט ניט אב אפילו אויף א האר דעם פלייסיגען אנטהייל אין ענינים פון געשעפט אונ ארבייט. דאס גלייכען פערקעהרט.

מיר לאזען זיך ניט אריין אין טיעפע חקירות, פון וואנעט עס האט זיך ענטוויקעלט ביי אונז די בעזונדערע נאציאנאלע געפיהלען; מעגליך טאקי, ווען אונזער עקאנאמישעס לעבען וואלט געווען אין דער פערגאנגענהייט אנדערש איינגעארדנעט, ווען די גאנצע מענשהייט וואלט פון אייביג אן געלעבט צוזאמען ביי איין קלימא אונ ביי גלייכע עקאנאמישע בעדינגונגען, וואלט טאקי נישט געוועזען קיינע נאציאנאלע אונטערשיעדען. אדער אפשר, ווען אין דער ווייטער צוקונפט וועט די געזעלשאפט זיין געבויט אויף א גאנץ אנדער אופן ווי יעצט, וועלען די נאציאנאלע געפיהלען אויך זיך ענדערן, אדער מעגליך איז, זיי וועלען אין גאנצען קיין קיום נישט האבען, אזוי ווי עס איז מעגליך עס זאל זיך אין דער צוקונפט ענדערן די פארם פון פאמיליען־לעבען, וועלכע עס איז דא יעצט. אבער אז מיר זעהען אז די נאציאנאלע געפיהלען זענען ביי אונז דא, איז דאך א ראיה, אז זיי זענען א בעדערפניש, אונ דער פאר זענען מיר געוויס מחויב זיי צו פריעדען צו שטעלען, ניט ווייניגער ווי אונזערע עקאנאמישע בעדערפנישען. אזוי גוט, ווי מיר האבען ניט דאס רעכט שוין יעצט מבטל צו זיין היינטיגעס פאמיליען־לעבען אויף דעם סמך, וואס אין דער צוקונפט וועט זי אננעהמען איין אנדערע געשטאלט, אזוי טארען מיר בשום אופן ניט אויסוואָרצלען די נאציאנאלע געפיהלען.

אויסער דעם, וואס זענען פארהאן ביים מענשען חובות בנוגע צו זיין קלאס אונ זיין נאציאן, זענען פארהאן נאך אלגעמיינע מענשליכע חובות, וואס יעדער מענש איז מחויב זיי צו טהון אלס מענש, ניט קוקענדיג, צו וועלכען קלאס אדער נאציאן ער געהערט. ווען איך זעה. אז מען שלאגט א מענשען מוז איך זיך אננעהמען פאר איהם אלס מענש, ניט אלס מיטגליעד פון דער אדער יענער קלאס, פון דער אדער יענע נאציאן.

אט די חובות ליגען אויף יעדען מיטגליעד פון דער געזעלשאפט אונ ער איז מחויב זיי צו ערפילען, ווייל יעדעם מיטגליעד פון דער געזעלשאפט איז קודם כל א מענש, א מיטגליעד פון א געוויסע קלאס אונ אזוהן פון א געוויסער נאציאן.

א. ש. זאקס.

---

## ליטעראטור אונ קונסט

(א נייע צייטונג). ה. בנציון כ"ץ אונ ה. מ. יפה האבען בעקומען איין ערלויבניש פון דער רוסישער רעגירונג ארויסצוגעבען אין פעטערסבורג א נייע העבראעישע צייטונג מיט דעם נאמען „הזמן“. אין דער דאזיגער צייטונג וועלען זיין געדרוקט ליטעראריש, וויסענשאפטליכע, געזעלשאפטליכע אונ פאליטישע ארטיקלען. די צייטונג וועט ארויסגעהן צוויי מאל אין דער וואך אונ פיער מאל אין יאהר וועלען ארויסגעהן אלס הוספות, זאמעל־ביכער פאר ליטעראטור אונ וויסענשאפט. די צייטונג וועט קאסטען 6 רובל א יאהר, אונ זי וועט אנהייבען ארויסגעהן פון ניי יאהר 1903. דער פעראנטווארטליכער רעדאקטאר איז בנציון כ"ץ. ד"ר ל. קאצענעלסאהן וועט זיין איינער פון די הויפט־מיטארבייטער.

(א נייער זשורנאל). הער ב. צ. שיינפינקעל האט אנגעהויבען ארויסצוגעבען א נייעם ביבליאגראפישען זשורנאל אויף העבראיש מיט דעם נאמען „קרית ספר“. אין דעם דאזיגען זשורנאל וועט געדרוקט ווערען ידיעות וועגען נייע ביכער אונ זשורנאלען, וועלכע געהען ארויס

סיי אויף העברעאיש און זשארגאן סיי אויף אַנדערע שפּראַכען, נאָר זיי זענען געשריבען פון א יודישען מחבר און עס האַנדעלט זיך וועגען יודישע ענינים. עס וועט אויך איבערגעגעבען ווערען דער אינהאלט פון דעם בוך און אויף אַנדערע ביכער וועט אויך זיין קריטיק. אויך וועלען אין איהם געדרוקט ווערען פערשיעדענע ביבליאָגראפישע אַרטיקלען. דאס ערשטע חוברת וועט קירצליך ארויס.

(ספר השנה שנה רביעית, תרס"ג. ערוך על ידי נ. סאָקאָלאָוו. וואַרשא בדפוס „הצפירה").

אין דעם דאָזיגען יאָהרבוך ספר השנה, וועלכעס געהט שוין ארויס דאס פיערטע יאָהר, געפינען זיך אַרטיקלען פון דעם רעדאַקטאר נ. סאָקאָלאָוו, און פון די בעוואוסטע יודישע שרייבער בערנפעלד, ש. ל. גארדאָן, א. ז. ראבינאָוויטש, צדוק הכהן, י. י. ווייסבערג, ש. י. יאצקאן, א. ליבושיצקי און פון די יונגע שרייבער ש. אַש, יהודה שטיינבערג, מ. נ. סירקען און נאָך אַנדערע.

די אַרטיקלען זענען פון אַלע טהיילען פון דער ליטעראַטור: בעלעטריסטיק, פובליציסטיק, יודישע היסטאָריע און וויסענשאפט, ביאָגראַפיע און קריטיק. אויך געפינט זיך אין איהם איינינע פאָטאָגראַפיעס פון בעריהמטע יודישע מענער.




## I. אַלגעמיינע נייעס.

דער רוסישער פינאַנץ־מיניסטער האט ערלויבט צו עפענען אין וולאָצלאַוועק (פוילען) א האַנדעלס־שולע פאר מיידלעך אין 3 קלאסען.

פרוי ד"ר אננא ק. האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צום מיניסטער דעם אינערען אין רוסלאַנד, מען זאל איהר ערלויבען צו עפענען אין וואַרשא איין אַפּטייק, אין וועלכע עס זאל אַרבייטען בלויס פרויען.

איין אָרימע פרוי אין וואַרשא אַרבייט געקינסטעלטע בלומען. פאר א „גראָס" (12 טוץ) קליינע בלומען, וואס זי אַרבעט אויס, בעקומט זי 60 קאָפּ'. דאס מאַטעריאַל פון וועלכע זי מאכט די בלומען, קאסט איהר אַליין 25 קאָפּ'; זי בעקומט אַלזאָ פאר איהר אַרבייט 35 קאָפּ'. די אַרבייט נעדויערט איהר עפּעס ווייניגער ווי 2 טעג. די אָרימע פרוי פערדינט אַלזאָ קאַרגע 20 קאָפּ' פאר א גאַנצע טאג אַרבייטען, אָט ווי מען עקספּלאָאַטירט די פרויען־אַרבייט אין וואַרשא.

## II. יודישע נייעס.

דעם 24 נאָוועמבער האבען 112 פרויען געענדיגט דעם מעדעצינישען פרויען־אינסטיטוט. צווישען זיי געפינען זיך דריי יודישע: פּאָביאַן, ריווקין און קאַצענעלסאָן.

דער יודישער פרויען־פעראיין אין ווארעשוי (פּראָווינץ פּויזען) האט היינטיגעס יאָהר געהאט א הכנסה פון 290 מאַרק און א הוצאה פון 282 מאַרק. אין דער קאַסע געפינט זיך א גרונד־קאַפּיטאַל פון 3000 מאַרק.

---

# פאר די מוטערס.

---

## די קרעמפּען ביי קינדער.

ווער עס האט ניט געזעהען, וואס עס טהוט זיך אויף „נאַלעוואָקי"ס" און אויף פראַנציסקאַנסקער, — די גרעסטע יודישע גאַסען אין וואַרשא — בשעת א קינד קריגט קרעמפּען, ווייס נישט, וואס הייסט קרעמפּען ביי יודען.

אז א יודיש קינד קריגט די קרעמפּען, אזוי ווערד א געוויין, א יללה, א רעש ווי ביי ונתנה תוקף, די שטוב און די טרעפּ ווערען פול פון עולם, אז מען קאָן ניט א שפּילקע־קעפּל אַריין וואַרפען. וויפיעל מענשען עס וואָהנען אין הויף מיט ווייבער און קינדער, זייטיגע מענשען פון גאס, לויפען זיך צונויף אין שטוב, וואו דאס קינד ליעגט אין קרעמפּען, מיט אַזאַ איפּעט, ווי צו כל נדרי אָדער צו די ערשטע סליחות. שוין פון ווייטען הערט מען דער מוטערס דבורים: ראַטעוועט! ראַטעוועט! מיין קינד, מיין אייניציגעס קינד, מיין קרוין פון מיין קאָפּ, מיין אוצר, מיין בריליאַנט איז פאַרביי. איצט, אָט ערשט טאַקי, האט ער געשפּיעלט, געלאַכט און פּלוצלינג איז ער פאַרביי. און פון צווישען דעם עולם ענטפערט מען אויף דער מוטערס טענות: גיכער א מולטער מיט א ליימענעם טאָפּ, א טלית, ליכט צינדען, ליכט! לויפט אין די קלויזען, בתי מדרשים, תהלים זאָגען, געהט אויפ'ן פעלד רייסען קברים, רופט מינדעלע די דאָקטערקע, די אַלטע באָבע שפּרינצעלע, קלאַפּט א דעפּעשע אין גער, גראָדזיסק צו אַלע גוטע יודען, צו אַלע רביים, נאָר ראַטעוועט דאס קינד. עס פערשטעהט זיך, אז א דאָקטאר רופט מען דערווייל אויך. פּלוצלינג הויבט מען אָן צו שרייען: זיי געהען, זיי געהען („זיי" מיינט מען די דאָקטוירים) „לאָזט דורך די דאָקטוירים", און אז די דאָקטוירים שפּאַרען זיך דורך דעם עולם מיט גרויסע צרות, אזוי פאַלט מען אויף זיי אָן ווי די היישעריקען: שטעלט שוין געהאַקטע באַנקעס און פּיאַווקעס, הייסט מאַכען קאַנעס, נאָר ראַטעוועט דאס קינד. די געוואַלדען און קולות געדויערן אזוי לאַנג, ביז דאס קינד הערט זיך אויף צו וואַרפען, ווערד רוהיג און מאַכט אויף די אייגלעך: איצט ווערד א ביסעלע שטילער: דער עולם הייבט אָן זיך פענאַנדער צו געהן ווי נאָכ'ן דאַוונען פון שול; זייער זאַך האבען זיי אָבגעטהון: אָנגעשריען זיך, אָנגעוויינט זיך, איצט קישען זיי די מזוזה און געהען אַהיים, יעדערער צו זיין אַרבייט. וואס די קראַנקהייט איז, פון וואַנען עס קומען די קרעמפּען, און וואס זאל מען טהון דאַצו, ביז דער דאָקטאר קומט, וועלען מיר שפּעטער דערצעהלען. אַצונד וויל איך אייך, מיינע ליעבע לעזער, ערקלערען, פאר וואס איז ביי די קרעמפּען אַזעלכע געוואַלדען און קולות און אַזאַ צונויפלויף מעהר ווי ביי אַלע קראַנקהייטען?

פערשטעהט איהר מיך, די מעשה איז אַזוי: אז א קינד ווערד קראַנק אויף די לונגעלעך, דעם מעגעלע, די קישקעלעך, זעהט דאס קינד און הערט ווי אַלע; מעהר ניט וואס עס הוסט, אָדער עס האט היץ, רופט מען דאָך טאַקי צוליעב דעם, דעם דאָקטאר. דער דאָקטאר בעקוקט דאס קינד און פערשרייבט א רעצעפּט. נאָך דעם, פרעגט די מאַמע דעם דאָקטאר: נו וואס? זאָגט דער דאָקטאר: דאס קינד וועט אי"ה זיין געזונד. ווערד דעם קינד ערגער און דער דאָקטאר זעהט, אז דאס קינד איז אין א סכנה און עס קאָן זעהר זיין, אז עס וועט שטאַרבען, הייבט ער אָן דעם טאַטען און די מאַמען א ביסעלע אויסצוזאָגען פון חדר. און ביסלעכווייז געוואוינען זיך די עלטערן נעבעך מיט דעם געדאַנק, אז עס קאָן זיין, אז דאס קינד וועט שטאַרבען; דאס איינענע ווייסט שוין דער גאַנצער הויף, וואָרום בשעת דער דאָקטאר געהט ארויס פון קראַנקען, פרעגען איהם אַלע שכנים און שכנות דיזעלבינע שאלה און ער ענטפערט אַלעם דעם זעלבינען תירוץ. ממילא פאר־

שטעהט זיך, ווען עס פּאסירט, אַז דאס קינד שטאַרבּט אַפילו, געהט אַלץ צו אַביסל רוהיגער און שטילער ווי בּיי קרעמפּען.

אַנדערש איז די זאַך בּיי קרעמפּען: עס איז טאַקי אמת ווי די מוטער שרייט: איצט ערשט האט דאס קינד זיך געשפּיעלט, געלאַכט, געגעסען, און פּלוצלונג הערט עס ניט און זעהט ניט, און איז ווי געשטאַרבּען. אַט דערפאר איז די גוואַלדען און קולות און דער צוזאַמענלויף, וואָרום קיין מענש אויפ'ן הויף האט גאר ניט געוואוסט, אַז דאס קינד בּיי שפּרינצען איז קראַנק, און מיט איינמאל שרייט שפּרינצע: ראַטעוועט, מיין קינד איז אין סכנות, עס איז פאַרבּיי.

איך האב אייך געגעבען אַ תשובה אויף אייער שאלה. איצט וועל איך אייך פון מיין זייט אַ שאלה שטעלען: איז די קרעמפּען אַ יודישע קראַנקהייט? ווערען בּיי זיי, בּיי נישט־יודען, נישט די קינדער קראַנק אויף קרעמפּען? אַלע ווייסען, אַז בּיי קריסטען קריגען אויך קינדער די קרעמפּען ווי בּיי יודען. פאר וואס? פרעג איך אייך, זענען זיי ניט אזוי מרעיש־עולם און מאַכען נישט אַ זעלכע געוואַלדען, שלאָגען זיך ניט קאפּ אָן וואַנד ווי יודען? בּיי אַ קריסט אַז אַ קינד האט קרעמפּען רופט מען דעם דאָקטאר. דער דאָקטאר קומט צוגעהן, פערשרייבּט אַ רעצעפּט, שטיל, רוהיג. און בּיי יודען, אַז עס פּאסירט עפּעס אַזוי ווי למשל די קרעמפּען, דונערט און בּליצט ווי בּיי מתּן־תּורה?

איהר וועט דאַרויף קיין תשובה נישט געבּען, און איך וויל אייך אויף די קשיא פערענטפערן: די תשובה דאַרויף איז גאר אַ פּשוט'ע: קיינע נאַציאָן, קיין פאלק האט אַזוי נישט ליעב די קינדער ווי יודען, ווייל יודען זענען מעהרסטען טיילס אָרעמע לייט. די רייכע „דייטשען" האָבּען שענע דירות, 4 דיענסטען, און דאַך אַז זיי האָבּען 2 קינדער ווילען זיי מעהר קיין קינדער ניט האָבּען. און איין אָרעמען, אַז ער האט 10 קינדער, איז יעדעס קינד איין אויג אין קאפּ, און אַז עס ווערד בּיי איהם אַ קינד קראַנק, אַזוי זענען איהם ווייניג פיעל דאָקטוירים און פעלשערים, וואס עס זענען דא אין שטאָדט. פאר וואס אייגענטליך האָבּען די יודישע אָרעמע לייט אַזוי ליעב קינדער, איז אויך פערשטענדליך: אַ יודישער אָרעמאַן האט קיין נחת, קיין פרייד נישט אין זיין גאַנצען לעבּען, אַ חוץ דאס רוהיגע פאַמיליען־לעבּען און די קינדער. און דעריבּער ליעבּט ער אַזוי שטאַרק זיינע קינדער, און וויפיעל קינדער ער האט איז איהם ווייניג. און ווייל יודישע מיטערם ליעבּען אַזוי קינדער, גלייב איך אַז איהר וועט זיך טאַקי אינטערעסירען צו וויסען, וואס איז קרעמפּען, פון וואַנען זיי קומען און ווי אַזוי מען היילט זיי.

ד״ר ט. אֶשָא

---

# אַלערליי.

(אַ יודישע מלכּה אין בּולגאַריע). אין דער בּולגאַרישער געשיכטע ווערד דערמאַנט אַ יודישע מלכּה מיט דעם נאָמען טהעאָדאָרא די שענע יודין.

טהעאָדאָרא אָדער — ווי זי האט געהייסען בּשעת זי איז נאָך געווען אַ יודיש מיידל — שׂרה, איז געווען זעהר אַ שען מיידל און דער בּולגאַרישער קעניג איוואַן אַלכּסנדר האט זי געזעהען און זיך אין איהר פערליעבּט און האט זיין פרוי די קעניגין טהעאָדאַרא אַריינגעזעצט אין קלויסטער און גענומען דאס שענע יודיש מיידל שׂרה פאַר אַ פרוי און איהר אַ נאָמען געגעבּען טהעאָדאָרא, ווי זיין ערשטע פרוי האט געהייסען. טהעאָדאָרא האט איהם צוויי זיהן מיט איין טאָכטער געבּאָרען, וועלכע איז בּעקאַנט אין דער בּולגאַרישער געשיכטע די שענע תּמר, זיין ליעבּע צו זיין יודישער פרוי איז אַזוי גרויס געווען, אַז ער האט די מלוכה, וואס האט געהערט געהערען זיין עלטסטען זוהן, וועלכע די ערשטע פרוי האט געבּאָרען, געגעבּען איהר זוהן און צוליעב דעם איז דער שלום אין לאַנד צעשטערט געוואָרען. פון די טובות, וואס זי האט געטהון איהר געוועזענעם פאלק ווייסען מיר נאָר, אַז זי האט מציל געווען דריי יודען, וועלכע מען האט זיי דן געוועזען צום טויט.

---

| | | |
|---|---|---|
| רעדאַקטאָרען | מ. ספּעקטאָר. | פערלאַג |
| | ד״ר ח. ד. הורוויץ. | „פאלקס־בּילדונג". |

---

## פון די רעדאַקציע.

☞ מיט די נאָהענסטע נומערן וועלען מיר שיקען אונזערע אַבּאָנענטען דעם פאַדערבּלאַט און אינהאַלט פון „פאלקסצייטונג" און „פרויענוועלט" פון פאַריגען יאָהר.



Herausgeber Verlag»Volksbildung». VerantwortlicherRedacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v .S. L. Deutscher Podgórze b. Krakau

פון 1 יאנואר 1903 וועט ערשיינען

# „דער פריינד״, די ערשטע טאגליכע פאלקס־צייטונג אין יודישער שפראכע (זשארגאן)

הערויסגעגעבען אין פעטערסבורג פון שאול גינזבורג און שבתי ראפאפארט.

„דער פריינד״ וועט קומען צו הילף דעם פאלק און וועט איהם געבען אללע ידיעות און נייעס פון טאגליכען לעבען, וועלכע מוזען יעדען אינטערעסירען און וועלכע זיינען יעדעם נייטיג אלס מענש און אלס יוד.

„דער פריינד״ וועט זיין דער פערמיטלער צווישען דעם פאלק און דעם געבילדעטען קלאסס. אין דעם „פריינד״ וועט דאס פאלק געפינען אן אפקלאנג פון זיינע בעדירפניסע און שטרעבונגען און קענען אויסהערען, וואס עס רעדט צו איהם די אינטעליגענציע.

„דער פריינד״ וועט העלפען פערבעסערן די לאגע פון פאלק. ווייקען דאס פאלק, עס זאל זיך לערנען אלס מענש און אלס יוד — די לאנדעס־שפראכע, אונזער אלטע נאציאנאלע שפראכע. עס זאל האבען א ציעל אין לעבען, העלפען געבען דעם פאלק אללע ידיעות, קענטניסע און עצות, דורך וועלכע זיין לעבען קען ווערען קלארער, שענער און ליכטיגער.

מיר וועלען ניט שפארען קיין קרעפטע און מיטעל, אונזער צייטונג זאל ניט נאר טראגען דעם נאמען „פריינד״, אבער זי זאל זיין אן־אמת׳ער פריינד פון דעם פאלק.

די פראגראמע פון דעם „פריינד״ איז פאלגענד:

א) לייט-ארטיקעל: די עקאנאמישע פראגען, ארטיקלען איבער יודישע לאגע, מסחר, מלאכה, פאבריקאציע א.ז.וו. די יוריסטישע פראגען, ארטיקלען איבער געזעצע און זאקאנעס א. ז. וו.; ערציעהונג, ארטיקלען איבער ערציעהונג פון פאלק און פון קינדער א. ז. וו.

ב) די אפיציעלע אבטהיילונג: בעפעהלע, אוקאזען א. ז. וו. רעשענים פון סענאט וועגען אלץ וואס איז נוגע צו יעדען רוססישען איינוואהנער און בעזאנדערס וועגען יודישען וואהן־רעכט, וואינסקי פאווינאסט, קאראבקע א. ז. וו.; וויכטיגע רעשעניעס, וועלכע האבען א בעזאנדערע פראקטישע בעדייטונג פיר יודען, וועלען מיר ציטירונגען דרוקען אין אריגינאל — רוסיש מיט איבערזעטצונג, כדי צו קענען בריינגען נוטצען אין פראקטישען לעבען.

ג) דאס אללגעמיינע טאגליכע לעבען.

ד) פאליטיק.

ה) מסחר — נאך זעהר א אויספיהרליכער פראגראמע — גלייך מיט אללע גרויסע רוססישע טאגליכע צייטונגען.

ו) טעלעגראמען — גלייך מיט אללע רוססישע טאגליכע צייטונגען.

ז) דאס טאגליכע יודישע לעבען אין רוססלאנד: נייעס וואס זיינען נוגע צו יודען; שטאדט אין שטאדטליך (א טאגליכער פעליעטאן איבער דאס יודישע לעבען אין דער פראווינץ); קארעספאנדענציה — בריעף פון ספעציעלע קארעספאנדענטען פון יודישע שטאדט אין רוססלאנד.

ח) וואס הערט זיך אין די צייטונגען?

ט) דאס יודישע לעבען אין אויסלאנד: ארטיקלען, נייעס און בריעף פון ספעציעלע קארעספאנדענטען אין בערלין, פאריז, וויען, לאנדאן, ניו־יארק, יאהאניסבורג א. ז. וו.

י) פלשתינא און ציוניזם: ארטיקלען איבער פלשתינא, יודישע קאלאניעס א. ז. וו.; ארטיקלען איבער די ציוניסטישע בעוועגונג — די קולטור־פראגע, פאליטישע, עקאנאמישע א. ז. וו.; מיטטהיילונגען און בעריכטע איבער אלץ וואס עס הערט זיך אין דער ציוניסטישער וועלט (קאנגרעסען, פערזאמלונגען א. ז. וו.).

יא) וויססענשאפטליכע אבטהיילונג: פאפולערישע ארטיקלען איבער יודישע און אללגעמיינע געשיכטע ליטעראטור, נאטור־וויססענשאפט, רייזע־בעשרייבונגען; מעדיצין און היגיעניע; טעכניק און האנדווערק.

יב) ליטערארישע אבטהיילונג: ערצעהלונגען, ראמאנען, שירים, ביאגראפיע, קריטיק, פעליעטאן א. ז. וו.

יג) אנטווארטען פון דער רעדאקציע: מיר האבען פערשאפט ביי אונזער רעדאקציע א ביורא פון ספעציאליסטען, וואס וועלען אונטערזוכען אללע פראגען פון אונזערע אבאנענטען און געבען אויף זייא גלייך קלארע אנטווארטען; 1) יוריספרודענץ — ספראווקעס און ערקלערונגען איבער אללע פראגען, וואס איז נייטיג יעדען איבער געזעטץ, פראצעסען, וואהן־רעכט, וואינסקי פאווינאסט א.ז.וו.; 2) האנדווערק טעכניק און האנדעל — איבער פראגען, וואס אינטערעסירען יעדען אין זיין ארבייט און זיין פרנסה. יעדער אבאנענט בעקומט גלייך אנטווארט אדער אין דעם „פריינד״, אדער אין א בעזונדער בריעף (פער פאסט).

יד) אללערליי — פערשיעדענעס, וויטצען, אנעקדאטען א. ז. וו.

טו) בריעף-קאסטען.

טז) אנאנסען.

ווייל „דער פריינד וועט הערויסגעגעבען ווערען אין פעטערסבורג, וועט ער האבען די מאגליכקייט צו איבערגעבען אללע וויכטיגע נייעס וואס ציט ניכסטען און נאך די ערשטע קוועלען.

אין דעם „פריינד״ נעהמען אנטהייל אלס מיטארבייטער:

ש. י. אבראמאוויץ (מענדעלי מוכר ספרים), ד״ר מ. א. אייזענשטאדט, ד״ר ראזא אמינאווא־לוריא, ד״ר י. אליאשאוו, ש. איש, בן־עמי, ב. בראנדט, ח. ביאליק, ר. בריינין, ד״ר י. ברוצקוס, אגראנאם ב. ברוצקוס, ל. בערגער, ש. בעלענקי, ד״ר א. בראגין, ב. גאלדבערג, גוט־מארגען, י. דינעזאהן, אינזשענער י. דימשיץ, ל. וויגאדסקי, י. וויינשיינקער, י. ח. זאגאראדסקי, א. זינגער, אינזשענער א. טאנענבוים, ב. ב״ץ, א. לעווינסקי, מ. ל. ליליענבלום, ל. לעווין, מ. לעווין, ד״ר פ. לאנדער, לא־ספרא, ד״ר י. לוריא, אינזשענער מ. לוריא, י. לערנער, פ. מארעק, אקאדעמיקער מ. מיימאן, ד״ר א. מארקאוו, י. מעלניק, ד. נאמבערג, מ. נוראק, ש. פרוג, י. ל. פרץ, ד. פרישמאן, י. י. פראפוס, י. צינבערג, מ. קליינמאן, רבי־קרוב, י. ח. רבניצקי, א. רייזען, פועה ראקאווסקא, י. רהלין, א. שולמאן, י. שטיינבערג און פיעלע אנדערע בעסטע און בעוואוסטע יודישע פאלקס־שרייבער.

„דער פריינד״ וועט ווערען געדרוקט מיט נקודות, כדי אונזער צייטונג זאל קענען לייענען דער גאנצער עולם.

אויספיהרליכע פראספעקטען מיט דער פראגראמע ווערען צוגעשיקט אויף פערלאנגען.

אבאנאמענטס-פרייז, מיט פארטא:

אין רוססלאנד: אויף א יאהר 7 רובל, א האלב־יאהר 3.50 רובל, פיערטעל־יאהר 1.75 רובל.

אין אויסלאנד: ביי פערזענדונג טאגליך די צייטונג: אויף א יאהר — 12 רובל, א האלב־יאהר — 6 רובל, א פיערטעל־יאהר — 3 רובל. ביי פערזענדונג צוויי מאל וועכענטליך צו 3 נומערן, אויף א יאהר — 9 רובל, א האלב־יאהר 4.50 רוב׳ א פיערטעל־יאהר 2.25

אדרעסע: С.-Петербургъ, Въ Редакцію газеты „ДЭРЪ ФРАЙНДЪ“ Екатерининскій каналъ, 71.

**Оптическо-Хирургическій Складъ**

подъ фирмою **„АЛЕКСАНДРЪ“**

Варшава, Сенаторская ул. № 22.

עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך. לייבבאנדער, בויכבאנדער פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פוס. בריללען מיט ווענעציאנישע גלעזער וועלכע שטערקען די אויגען אויך פערשיעדענע כירורגישע אונד אפטישע געגענשטאנדע פיר קראנקע.

ברוכבענדער ווערדען צוגעפאסט דורך אײנעם ספעציאליסטען.

(94) 50—7

---

**ד"ר מ. פינקעלקרויט**

ווארשא, קארמעליצקא 23

היילט האלז-, נאזע- און אויערען-קראנקהייטען.

היילט אויך שטאטערנדע (וועלכע זאאיקען זיךביים ריידען). (121) 10—4

---

**כשר קונעראל כשר**

איין ריינעס ניססענשמאלץ זעהר געזונד פיר מאגענליידענדע. גוט צום קאכען און באקען פערשיעדענע שפייזען, הארטע קאקוסבוטטער, אויך אללע ארטיקלען פיר שאקאלאדעפאבריקען

הכשרים פון ווארשויער רבנים.

הויפטפערקויף אין ווארשא, דזיקא 36

ביי **א. מ. קאשער.** 114 15—5

---

צו בעקאממען איבעראלל אויף 1903 יאהר

**א. ראסקינ'ס**

יודישע אבריס-קאלענדארען (14 יאהרגאנג.)

1) ראסקינ'ס יודישער היסטארישער קאלענדאר. — פרייז 30 קאפ. מיט פארטא 40 קאפ.

2) ראסקינ'ס יודישער הומאריסטישער פאלקס-קאלענדאר. — פרייז 17 קאפ. מיט פארטא 23 קאפ.

3) ראסקינ'ס יודישער וואכען-קאלענדאר פיר סוחרים צום נאטירען — פרייז 50 מיט פארטא 65 קאפ.

4) Русско-Еврейско-Магометанскій ежедневный отрывной и записной календарь цѣна **30** коп. съ перес. **45** коп.

5) Конторскій Еженедѣльный календарь для замѣтокъ изящное изданіе на артистическомъ плакатѣ цѣна **50** коп. съ пересылкою **65** коп.

6) Коммерческій календарь и записная книжка со многими справками и свѣдѣніями. Цѣна въ клеенчатомъ перепл. **40** к. въ англійскомъ переплетѣ **60** коп. (пересылка 15 коп.)

מיט איין נאכנאהמע קאסט נאך 17 קאפ. בעשטעללונגען ביטטע צוא אדרעססירען:

Контора изданій **А. Б. РАСКИНА** ВАРШАВА Дикая № 5ф.

לסוחרים ראבאט טוב.

**פארזיכטיג:** האבען זיך בעוויזען נאכפעלשונג מיט עהנליכע עטיקעטען, ביטטען מיר די געעהרטע קויפער אין אייגענעם אינטערעססע גוט אכטונג געבען אויף דער פירמא **א. ראסקין** און אויף דעם קאלענדאר זעלבסט נישט נאר אויף די עטיקעטען.

---

**דרוקעריי עט ליטאגראפיע**

**ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.**

(געגרינדעט אין 1860 יאהר)

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען און רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, און האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיער ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם מיטך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט און פערצירונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערען די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען ביכער, העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע וכו'; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען אלערליי עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטישנע ביכלעך, פאסט-פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט-קארטען וכו'.

אלעס ווערד פיין און שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(123) אדרעסע: 14—2

Въ Контору паровой типо-литографіи

**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

Новая Парижская Мастерская

разныхъ

**Фантастическихъ Перьевъ и Цвѣтовъ**

**А. ЛЯКСЪ**

(101) Варшава, Переѣздъ 9. 10—7

---

**נייטיג פאר יעדען!**

**וויכטיג פאר אלעמען!**

— וואס איז אייער טהועכץ? אייער פרנסה? איהר זענט א סוחר? א הענדלער? א קרעמער? א לעהרער? א בעל-מלאכה? וויפיעל פארדיענט איהר א חודש?... נאר וויפיעל איהר זאלט ניט פארדיענען, קאנט איהר דאך אבשפארען עטליכע פרוטות א טאג, פארזארגען אייערע ווייב און קינדער אויף נאכ'ן טויטס; טאמער שטארבט איהר חלילה פאר דער צייט וועלען אייערע קינדער נישט בלייבען אויפ'ן אנדערען טאג אהן ברויט, אייער אלמנה וועט מען נישט דארפען געהן מאכען איבער דער שטאדט קיין נדבות, אייער טאכטער וועט האבען מיט וואס צו געהן צו דער חופה. און טאקי איהר אליין, איהר מעגט אייך לעבען ביז 120 יאהר, קאנט אייך באווארענען אויף דער עלטער מיט א קאפיטאל פון מזומנ'ע קערבלעך. דאס קאנט איהר אויספיהרען נאר דאן ווען איהר פארסטראכירט אייער לעבען, און בכדי צו פערגרינגערען אייך די זאך האט די נייע אססעקוראנץ-געזעלשאפט

**Высочайше утвержденное**

**Генеральное Общества Страхованій жизни**

**и пожизненныхъ доходовъ**

אויסגעארבייט פיי אייערטוועגען פריווילעגיעס, וואס קיין געזעלשאפט האט זיי נישט:

א) איהר קאנט אייער פרעמיע צאהלען אלע חודש. — ב) איהר צאהלט נישט פאר קיין פאלים און עס קאסט אייך ניט קיין שום הוצאות. — ג) לגאטע אויף צו צאהלען פרעמיע נאכ'ן זמן, האט איהר דריי חדשים. — ד) האט איהר איינגעצאהלט דריי יאהר קאנט איהר נאכדעם אויפהערען צאהלען פון צוויי ביז דרייצעהן יאהר און איהר זענט אלץ פארסטראכירט (непарушимость). — ה) געהט איבער דאס ערשטע יאהר איז אייער פאלים באווארענט פון לאדעניש און פון אלסדינג, עס מעג זיין וואס ס'וויל (неоспоримость). — ו) נאך די ערשטע דריי יאהר קאנט איהר מאכען מיט אייער פאלים וואס איהר ווילט, אדער אויפהערען צאהלען פרעמיע און ארויסנעמען איין איינגעצאהלטען פאלים אדער אויסלייהען אויפ'ן פאלים געלד אויף 6% לשנה, וכדומה פערשיעדענע קאמבינאציעס. — ז) אייער קאפיטאל ווערד ארויסגעצאהלט גיך אהן א שום עכוב, און נאר אייך אדער אייערע יורשים; קיין שום ארעסט און קיין שום חוב אויף אייער קאפיטאל ווערד ניט אנגענומען.

אגענטען ווערען געזוכט אומעדום. — ביכלעך, טאריפען, בלאנקען ווערען ארויסגעשיקט איטליכען אומזיסט.

זיך ווענדען צום:

Управляющій Агентствами Генеральнаго О-ва Страхованій жизни М. Л. ЕВЗЕРОВЪ, ОДЕССА.

די פראווליענע פון דער געזעלשאפט איז אין:

10—4 С.-Петербургъ, Невскій 23. (82)